פ. גודמאַן

# אין געשפּאַן

פערטער באַנד

# לידער און געדיכטן

פּעטערסאָן, נ. דזש., 1945

געדרוקט ביי
מאָררים ס. גראָססמאַן
16 וועסט בראַדוויי


5

די פרייד פון געדרוקטן וואָרט,
דערוואַרטע איך מיט דראַנג:
ווי די פרייד פון ניי געבוירט,
ווי מוטערשאַפט איז באַנג.

לויכט ס'געדרוקטע וואָרט אין צייט,
דערשיינען פאַר דער וועלט:
ווי ס'געבוירטיקע דערפרייט,
ווי פאַטערשאַפט באַזעלט.

## וואָרט אויף דער פרייד

איך הער אינם טריט,
דערקען אינם גאַנג;
עס גייט און עס קומט,
געוואַרט דערויף לאַנג.

איך זע אינם שיין,
וואָס שפיגלט דערביי;
עס שפאַנט און עס שפרייזט,
אַנטקעגן איך גיי.

איך גיי צום עמפּפאַנג,
אין יום-טוב-דיק קלייד;
אַנטקעגן איך קום,
באַגעגענען פרייד.

איך הער אינם קול,
וואָס ציטריג באַזעלט;
עס וואָרט אויף דער פרייד:
מיין ליידנדע וועלט . . .

# אויף פראָסטן פאַפיר

איך שרייב מיינע לידער,
אויף פראָסטן פאַפיר;
איך דאַרף ניט קיין פאַרמעט,
קיין סופר צום שיר.

מיין פעדער קען שמידן,
זאָל האַלטן דעם קלאַנג;
קיין געגזאָענע פעדער,
ניט ברויך צום געזאַנג.

איך שרייב מיינע לידער,
אויף פראָסטן פאַפיר;
די בלעטער זיי וואַקסן,
אַ גאָרטן ביי מיר.

אַ שורה, ביי שורה,
ווי בייט, נאָך אַ בייט;
אַ בלום און אַ גרעזל,
אין מיטן פאַרזייט.

איך פלאַנץ מיר אַ גאָרטן,
גיי דורך אַ שפאַציר;
און זינג אוים דאָס לעבן,
אויף פראָסטן פאַפיר.

כאָטש אָרעם מיין וועזן,
מיין וואוינונג איז פראָסט;
טו היטן מיין פעדער,
קיין זשאַווער פאַרראָסט . . .

# דער ווייסער בלאַט

דער ווייסנקער בלאַט,
מיך כּשופט און רייצט;
אַ גאָלדענער שטראָם,
מיט אותיות פליצט.

באַצויבערט ווייס בלאַט,
מיט פריליגנדיג צוויט;
מיט ווערטער און זין,
פאַרנאַנדער געבליט.

מיט חופה־קלייד גלייך
דאָס בלאַט דאַכט מיר אויס;
באַלד עפנט זיך קנאָספּ,
פון ליליע פאַר רויז.

נאָך ווערטער אַ שטראָם
זיי פלייצן אין מיר;
מיט אותיות גאָלד
אויף ווייסן פּאַפּיר.

נאָר ס׳בלאַט האָט אַן ענד,
אַט נאָך אַ פאַרגלייך;
ווי טויטן געוואַנט,
וואָס גיט אַ פאַרבלייך . . .

## ניט מיד פון ליד

ניט מיד איך בין פון ליד,
ווי לאַנג איך לעב און זינג;
און ליד, נאָך ליד איך שמיד:
אַ ציקל־לידער־רינג.

טרעפט אָפט אַ טאָן באַנייט,
דרינגט דורך מיין האַרץ דער קלאַנג;
קלינגט אָפּ דאָס ליד דערפרייט,
ווי ליבע־ליד איז באַנג.

און טרויער־ליד ניט שרעקט,
ווי שטיל — וויג־ליד באַרוט;
און ליד צום קאַמף, וואָס וועקט,
דאָס פליסט אויך אין מיין בלוט . . .

## עס גייט אַ דריילינג

שטיל ציקט מיין פעדער אויפן בלאַנקן בויגן,
ווי ס'רוישט אַ זייד'נע שלעפּע קלייד;
זע איך מיין טראַכטונג אינם שריפט פאַרצייכנט,
וואָס פירט מיין האַנט, די פעדער גייט.

שיינט מיין געדאַנק, געמאָלט אויף בלאַנקן בויגן,
פון האַרץ און זעל מיין פעדער גייט;
פון אות, צו אות און פון בוכשטאַבן צו ווערטער,
די שורות וואַקסן לענג און ברייט.

שטיל איז ביי מיין שרייב טיש, כ'הער, ס'גייט אַ דריילינג:
גייט האַרץ און זייגער און מיין פען;
דאַכט מיר, מיין האַרץ, עס לויפט פון אַלע פלינקער
און שרעקט, זאָל ניט אָפּשטעלן זיך ווען . . .

## ביים שרייבטיש

מיין שרייבטיש אימער,
לויכט פאַר די אויגן;
מיט טינט און פעדער
און בלאַנקן בויגן.

אַ וואָרט עס פּערלט,
פאַר דער שיין געבראַכט;
באַשיינט מיין לעמפּעל
אין מיטן דער נאַכט.

וואַקסט אויס אַ שורה,
ווי אויפגעגאַנגן:
אויף ווייסן בויגן
אַ פעלד מיט זאַנגען.

דאָס פּאַפּיר פּערלט,
ווי דרויסן די נאַכט;
מיט לבנה, שטערן —
און עמיצער וואַכט.

נאָר, שורות טונק'לן,
וואָס כמאַרעס לויערן;
נישטאָ די ווערטער,
וואָס האַרץ טוט טרויערן.

ווערט שוואַרץ דער דרויסן,
וואָס יאָמערן הערט;
ווי אויסגעלאָשן,
קוקט הימל און ערד.

וואו איז דער שומר,
וואָס היט די וועלטן?
הערט גאָט נישט קלאָגן
די וויסטע צעלטן? . . .

אַ שוואַרצע אותיות!
צו בלויז אויסגעדאַכט?
ווי קען געמאָלט זיין,
מיין וועלט וואָס איך טראַכט . . .

## איך זע די וועלט

איך זע די וועלט
פאַר מיינע אויגן:
אַ שוואַרצער פלעק
אויף וויסן בויגן.

האָט מענטש ביז אויג
געגלוסט דערגרייכן;
אַ שלאָג געטאָן,
אַ בלאָן-בלוי צייכן . . .

האָט מענטש פון פויסט
די האַנט געהויבן;
דאָס בלוט באַדעקט
מיט ערד פון אויבן.

אויף וועם'ס אַ פלוין
געוואָלט ערגרייכן;
אַ שלאָג געטאָן:
אַ שוואַרצן צייכן . . .

האָט מענטש פֿאַרשוועכט
דאָס ערדיש לעבן;
און הימל הויך
דערטראַכט צו שוועבן.

אויף גאָרער וועלט,
וואו נאָר קען גרייכן:
פֿאַרטויזנט־פֿאַך:
דעם שוואַרצן צייכן . . .

פֿליט פֿאַרנט אַ שרעק
דעם מענטש אַנטקעגן;
יאָגט נאָך אַ גרויל
אים — הינטער וועגן . . .

אויף באַרג און טאָל,
ביז טורם הויכן;
ס'גיהנום ברענט —
און ימים טויכן . . .

טייט דער אוממענטש,
ברייגנט אום דעם מענטשן —
נאָר, סוף־כל־סוף!
זיין סוף כּוועל בענטשן . . .

## די נויט זופט ניט פון קיין בעכער

עס זופט די נויט, ניט פון קיין בעכער
ווי אינם רייכן הויז;
נאָר אַלטע קוילן פון די אַשעס,
דאָס אָרעמקייט זופט אויס . . .

דרייט זיך דער קאָפּ פונם אָרעמקייט,
ווי שכור׳ער פון טרונק;
און אַלטע קוילן פון די אַשעס,
זיי פעלט דער לעבנס-פונק . . .

די אַשעס טרוקענען דעם גומען
און ניכטער איז אין קעל;
און אַשעס שפּרייטן זיך פאַרשיטן,
ווי אַשעס אויף דער זעל . . .

## אויף קיינעם מיין לאַסט

כ׳וויל מיין לאַסט אויף קיינעם אַרויפלייגן,
ווי מיד און פאַריאָכט איך זאָל ניט זיין;
זאָל קיין שקלאָף דעם קאָפּ, פאַר מיר ניט בייגן,
דאָס וואָלט מיך ערנידעריגט אַליין . . .

דען, וואָס צוגעזען איך האָב זיך נעכטן,
איז היינט נאָך ניט אַנדערש, ווי געווען;
טיילט געננג אויס די וועלט, דעם פאַרקנעכטן,
אַליין אין פאַרשקלאַפונג זיך געזען . . .

טראָג איך וויפיל לאַסט, אַזוי פיל זאָרגן,
צעקנייטשט מיר דאָס לעבן אַזוי אַלט;
האָף איך צום באַפרייאונגס-טאָג אויף מאָרגן,
וועט קריגן די וועלט אַ ניי-געשטאַלט . . .

## זאַכן פון לעבן —

זאַכן פון לעבן און זאַכן פון טויט,
שיינען צו צייטן אין בלוט, אין דער הויט.

ליגן אין זינען און פלעכטן ס׳געמיט,
גרינגער און שווערער, אַ וואָג־שאָל זיך ציט.

וויגט זיך די וואָג־שאָל און וועגט דאָס געזונט,
טאָג פון געבוירן, ביז גרייז־גראָ פאַרשווינדט.

יונגערע יאָרן זיי הוידן זיך גרינג,
פרילינג איז ס׳לעבן אַ טאַנץ און אַ זינג.

יוגנטלעך לעבן, ווי וואויל און ווי ליב,
מיטעלעם לעבן צוביסלעך ווערט טריב.

פרילינג און יוגנט פאַרגלייכן זיך שיין,
עלטערע יאָרן דערמאָנען אַ שטיין . . .

## מיין ווייניגקייט

מיינע טעג זיינען מיטן ווינט אויף די וועגן,
מיינע נעכט זיינען, ווי אַ נזיר אין געצעלט;
און אויך די יומים־טובים־טעג גאָר באַזונדער,
דרוקט אַזאַ איינזאַמקייט, וואָס צאַמט אַרום מיין וועלט.

גיי איך פון ענגעניש דורך אַלע געצאַמען,
פליסן די בלוטן שטראָמענדיק מיט פולן־פלום;
טרייבט אַזוי מיין אומרו אַרום מיין ווייניגקייט,
זשומט מיר פון וויטן אָפּ, ווי אַ טויב־שטומער־גרוס . . .

## וואָס ניט געענדיקט —

טעג, וואָס איך פּטר אַוועק מיטן ווינט,
שלאָגן מיט חרטה, ווי פון אַ זינד;
אַנדערש דאָס יונגוואַרג פאַרשפּילן די צייט,
גרינג איז די יוגנט, וואָס פלאַטערט ווי ווייט.

לענגער דער לעבענס-וועג איז בײַ אַ קינד,
דרייט זיך אַ שפּילעכל וויאַטרעק אין ווינט;
בלאָזט זיך אַ בלעזל, הויט דינער פון זייד,
בלעזלט זיך, בלעזלט זיך קינדערשער פרייד.

טיילט זיך מיין וועלטעל אויף קליין און אויף גרויס,
טויזנדסטע-מאָס מעסט דעם לעבן נישט אויס;
אָט, ווי דאָס יונגוואַרג אין שפּיל זיך פאַרטאָן,
שפּילט זיך אַנאַנדערנס לעבן אין קאָן . . .

קירצער דער וועג איז, וואָס עלטער מען ווערט,
ווייסט ווער אויף פריער, וואָס אים איז באַשערט?
שאָד צו פאַרזאַמען, דער וועג איז ניט לאַנג,
וואָס ניט געענדיקט, איז אייביק מיר באַנג . . .

## קלאַפּער־שלאַנג

קלאַפּ, קלאַפּ, קלאַפּער־ שלאַנג,
וויפיל גיפט טראָגט דיין זאַק?
מער גיפט טראָגט דער מענטש,
שאַרפט די שווערד און די האַק.

קלאַפּ, קלאַפּ, קלאַפּער־שלאַנג,
וויפיל סם שפּריצט דיין מויל?
מער סם שפּריצט דער מענטש,
וואַרפט ער אַן שרעק און גרויל.

קלאַפּ, קלאַפּ, קלאַפּער־שלאַנג,
וויפיל אַנגסט שפּיזט דיין בליק?
מער אַנגסט שלאָגט פון מענטש,
רייסט ער ווילד, ברעכט אויף שטיק . . .

## דער מענטש מיט דער שווערד

מיט יעדן פוס העכער פון דער ערד,
עס גרויסט זיך דער מענטש מיט דער שווערד;
מיט שפּאָרן ער קלינגט און באַפעלט —
און שטענדיק פאַרבלוטיקט דער וועלט . . .

נישט איין לאַנד, דער מענטש האָט פאַרוויסט,
געקרייציקט, געשענדט און פאַר׳מיאוס׳ט;
געשפּעט און געלעסטערט פאַר גאָט,
געבראַכט אַ בראַנד־אָפּפער צום שפּאָט . . .

נישט איינעם געטויט פאַר זאַק־רויב,
נאָך יעדן פאַרברעך נאָך אַ לויב;
נאָר, היינט, מער פאַרפעסטעט זיין שאַנד:
דער טייפל מיט היטלער באַנאַנד . . .

## — קריג —

שוואַרצע נעכט און רויטע הימלען,
יאָגן שטורמס נאָך די פלאַמען;
פלאַקערן די גיהנום אויוונס,
טראָגט זיך אַ געריך פון סמים.

סמאַליען טעג און נעכט די חורבות,
פּאַסן רויך, ווי וואָלקנס ציען;
בלייבט קיין אָנדענק און קיין צייכן,
בלויז דער חורבן טוט נאָך טליען.

לויפט דער מענטש צוזאַמען הויזן,
מיט דער מויז זיך וואו באַהאַלטן;
שאַנעוועט דער טויט ניט קיינעם,
לעכערט דורך די אַלע שפּאַלטן.

נעמט דער מענטש זיין הונגער מאָל-צייט,
טוט אַ שפּרינג די מויז דערנעבן;
בלייבט אין האַלדז זיין ביסן שטעקן,
אינם שאול-תחתיה לעבן . . .

שוואַרצע נעכט און רויטע הימלען,
און די וועלט אַ בראַנדיק פייער;
און די טעג זיי זיינען פינסטער,
רויכערט זיך דער לעצטער שייער . . .

## וואָס פּיין איך טראָג

אַ נאַכט אָן שלאָף,
וואָס ווי איך טראָג;
דאָס אויג איז אויף,
איך הער אַ קלאָג.

וואַקסט אויס אַ בילד
אין נאַכט געשטאַלט;
מער גרויזאַם ווילד
פון טהיער אין וואַלד.

פרוי׳ס צעפּ צעבינדט,
געשלעפּט צום שאַנד;
און וואַרפט איר קינד
אין פייער בראַנד.

נאָר, שיינקט גענאָד
פאַרגוואַלדיקט ווייב;
אין טויטן באָד
זי וואַשט איר לייב.

וואַשט אָפּ די זינד
פון נאַצי־מאַן;
קיין פלעכט אַצונד
ניט מער פאַראַן . . .

געגאָלט דעם קאָפּ,
פאַרמיאוס׳ט ס׳געזיכט;
טריפט טראָפּ ביי טראָפּ,
ווי שוואַרצע ליכט . . .

ברענט גאַז און סם
פאַרגוואַלדיקט ווייב;
מיט קינד אין פלאַם
אויף הוילן לייב.

נעמט דורך אַ סקרוך,
וואָס שוידערט אויף —
נאָר, ס׳פלאַמט איר פלוך!
וואָס ברענט זיין שטראָף...

## דער נאַצי העקער

ווינציק קברים האָט די ערד,
האָט דער ים אויך אַן אָפּגרונט;
פאַלן קעפּ פון ביקס און שווערד,
טיילן זיי זיך איין אַצונד...

האָט די וועלט אַ יאַטקע קלאָץ,
האַקט דער העקער, ווי אין קרויט;
גייט ער אין אַ ווייסער שאָרץ,
איינגעשמירט אין גאַנצן רויט.

האַקט דער העקער, האַקט געשווינד,
שניידט ער קעפּ, ווי הייפּטלעך קרויט;
קאַצן־בראָטן, פערד און הינט,
מיט די ביינער, מיט דער הויט.

האַקט דער העקער מיט זיין האַק,
אַלע פליישן אויסםאָרטירט;
און אַ פּגר טראָגט אין זאַק,
פאַר דער וועלט, ווי שיין סאַרווירט...

## — צו יעדער צייט —

צו יעדער שעה, צו יעדער צייט,
באַצאָלט די זינד אַ שטראָף;
ווי גרויס וועט זיין די שטראָף פון זינד,
וואָס וואַרט אויף היטלער׳ס-סוף?

ליידט גאַנצער וועלט פון נאַצי-פאָלק,
ווי גרויס מוז זיין די זינד;
אַ פאָלק, וואָס פלאָדיעט זיך אויף קריג,
פאַר מאָרד און רויב און פלינד . . .

פאַלט טאָג און נאַכט אויף נאַצי-לאַנד,
די קללה פון דער וועלט;
וואָס אויפגעבראַכט אַ היטלערן,
הפנים זיך פאַרשטעלט . . .

איצט דראָעט איבער נאַצים-סוף,
די שטראָפנדיקע האַנט;
צינד-באָמבעס פלאַצן, רייסן אויף,
אַ טויזנט-פאַכער בראַנד . . .

## חלילה — אויף וואָר —

נאָך גוט ס'איז אַ חלום געווען,
איך האָב דערבײַ שלעכט זיך געפילט;
חלילה — אויף וואָר ס'וואָלט געשען,
איך וואָלט מיט מײַן לעבן געשפּילט.

געווען אַזאַ טרויעריקער טאָג,
ביז נאַכט זיך פאַרצויגן אָף שוואַרץ;
געהערט אַזאַ פינסטער געקלאָג,
דער ווינט האָט געריסן בײַם האַרץ.

פון וואַלד האָט אַ ווילדע געשטאַלט,
געלויערט ביז שפּעט אין דער נאַכט;
געטאָן האָט אַ שפּרונג מיט געוואַלדט,
וואָס שיער ניט מיך אומגעבראַכט.

דערשמעקט האָט אַ וואָלפעשער־הונט,
וואָס וואָלט מיט מײַן לײַב זיך געשפּײַזט;
דערבײַ האָט געגרוילט אַן אָפּגרונט,
בײַם ראַנד אַרום האָב אומגעשפּרײַזט.

געוואָיעט האָט חיה'שער שרעק,
זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ געשריי;
נאָר, ווי ווײַט די אויגן איך שטרעק,
אויף וואָר טרעפט דאָס אומגליק און ווײ . . .

# אַ שאָטן פון יענער וועלט

אַ שאָטן פון יענער וועלט,
וואָס האָט אַמאָל געלעבט:
אין אַ מאַמע געשטאַלט;
האָט געקלאָגט און געקלאָגט
פאַר אירע קינדערלעך,
אויף זייער אומגעבראַכטן טאַטן;
און אינגל — מיידל —
מיט אַראָפּגעבויגענע קעפּלעך,
האָבן נאָכגעקלאָגט זייער מוטער'ס געקלאָג:
פאַר זייער אומגעקומענעם פאָטער —
איך האָב קיין טרייסט ווערטער ניט געהאַט,
האָב איך געלאָזן זייער געוויין;
און מיט ציטריג האַרץ,
כ'האָב אין אַ ווינקל זיך געשטעלט
און זיך דערמאָנט אָן זייער טויט — —
ס'איז ניט קיין חלום,
ס'איז אַ וואָר,
ס'איז דער טויט:
פון הונדערט-טויזנדסטן פּאָר,
מיט זייער איינציק אינגל — מיידל —
פון חיה'שן-היטלערישן גרויל,
פון אויסטערלישן אויסוואָרף ס' פאַרברעך,
וואָס שטיקט און סמ'ט
מיין הילפלאָזן שטאַם — —
מיין וועלט צו שאַנד!
וואָס מיר מאָלט זיך אַזאַ פינסטערער קאָשמאַר,
אין חלום, ווי אין וואָר . . .

# טויטן־ווענענער

I.

ווענענער פינסטערע פאַרמאַכטע,
פאַרהאַקטע, פאַרשלאָסענע,
מיט גיפט־רערן פאַרשלאָגענע,
קיין שפּאַרע לופט זאָל ניט אַריין —
אָ טייפלישע מאָרד־קאַסטנס!
אָנגעפּאַקטע מיט לעבעדיקע שאָטנס,
הויל־נאַקעטע — —
לייב צו לייב צוזאַמען געפּרעסט;
ס'הענגען די אויסגעמאָרעטע,
וואָס קענען אויף די פיס ניט שטיין,
צווישן אַ מאַסע לייבער,
שטייף די העלדזער,
די צונגען אַרויסגעשטעקט,
אָטעמען געז־פּויזן אין די לונגען איין —
ס'פאַרשטיקט זיך ס'גוסס'דיקע קרעכצן,
פון אַ מאַוימדיקער שלאַכט־הויז — —
מיט אַ מאַסן־מאָרד! . . .

II.

ס'כיכן די ווילדע בעסטיעס, די היטלער מערדער,
שניידן פאַסן־לייב מיט אייזערנע בייטשן,
ס'שרפה'ענען זייערע אויגן,
מיט רעוואָלווערן אין די הענט:
די מוחות צו צעלעכערן,
טרייבן די אויסגעמוטשעטע לעבנס
אין די טויטע קאַסטנס אַריין;
אויסצושטיקן, אויסצוראָטן:
הונדערטער — טויזנטער —
מיט אַמאָל אַ מאַסן טויט! . . .

אָ, מיין פאָלק!
אין דיין שוואַכקייט ליגט דיין שטראָף —
אָ, גרויס וועט זיין דיין ראַכע אָפּצאָל:
דער היטלער בעסטיע,
ביז אַ פּראָסטן גזלן — !
ווען דיין האַרץ וועט זיין געשטאַרקט:
מיט נקמה ....

## אַ שטענדיקער יאָר צייט

אַ שטענדיקער יאָר-צייט
און אייביקער טרויער:
בלייבן נאָך די הרוגים —
פון נאַצישן קוילער.

גזלן פון מאַידאַנעק!
טרעבלינקאַ און סאַביבור!
און פון אַנדערע טויט-לאַגערן —
מאַרטער-קעלערן און טויטן-בעדער!
פאַרשטעלט פאַר וואַרקשטאַטן —
געז-קאַמערן און גיהנום-אויוונס,
אַנאָנסירט פאַר פאַבריקן קנעפּלעך —

ס׳בליקט דער טויזנט-פאַכער מערדער,
דורך אַ פאַרגרעסערונג-גלאָז:
אין די שייבלעך אַריין —
דאָס חיה׳עש אויג
ציטערט נישט אויף דער ברעם,
פון הענקער׳ס האַנט. —

גרויזאמסטער, אוממענטשליכע חיה!
קוקסט זיך צו, צו די טויט מאטערניסן,
צו אלע טויט-קראמפן און קאנוואולסיע—
דורך טעג און דורך נעכט פון א גאנץ יאר,
ציט זיך די אגאניע,
טויזנטערוויז פארכלינען זיך
אין גסיסה-שוים —
אין סאמיקן אטעם
פארשטיקט זיך ס'כארכלן —

מאמעס מיט קינדער אויף די הענט,
זקנים מיט יונגע אויסגעמישט;
א נאקעטע קופע צוזאמען געפרעסט,
קרומט זיך אוים פון פיינונגן,
ביים אויסלעשן זיך:
מיט אלע טויט-קאליערן —
בלייבט שטיין א פארגליווערנדע קופע,
ביז ס'ספראלט זיך אויף דער דיל,
אין טויטן-קעלער צו פארזונקן —

ס'בליקט דער טויזנט-פאכער גזלן:
דורך די שייבלעך אריין —
ס'גיהנום-אויוון מאכט גרייט,
אויף אש צו פארברענען;
נאר, דאס פעטס פון די טויטע,
לאזט פריער אויסרינען,
אויף זייף אויסדיסטילירן —

וואשט זיך, וואשט זיך ס׳ פנים,
טייפלישסטער רוצח!
נישטאָ אין דער וועלט:
קיין פאַרגלייך צו דיין „מין“,
דיר אַ נאָמען צו באַצייכענען —
פאַרשאָלטן זאָלסטו אייביק זיין,
קיינמאָל וועסטו דיין זינד ניט אָפוואשן . . .

## איך הער אין מיטן שלאָף

איך הער אין מיטן שלאָף אַ שרייען,
האַרץ-רייסנדע קולות,
פאַרצווייפלטע קרעכצן,
האָב איך זיך אויפגעכאַפט אין געשריי;
בין איך ווי צעמישט געוואָרן
פון אייגענעם און אַרומיקן וויי.

עס האָט דאַכט מיר מיין וועלט געשריען
און פון באַטאָג דאָס געקלאָג,
האָט באַנאַכט דאָס געיאָמער זיך ווידערהאָלט:
פון אַן אויפגעריסן גיהנום
וואָס אַרום האָט געפּלאַצט —
האָט עמיץ אָנגעצונדן
די פינסטערניש אין גרויל . . .

## אָ, מיין שלאָפע וועלט

אָ, מיין שלאָפע וועלט,
פיבערט, ווי אַ קינד;
ווי דער מאַסט-בוים קרעכצט
אינם שטורם ווינט.

נאָר, דער טייפל יאָגט,
טויזנט מייל אַ בליק;
און דער שטורם ווינט,
רייסט די זעגל שטריק.

פלאָגט מיין וועלט אַ פּלאָג
און אַ גיהנום גרוילט;
וואָס פאַרזייעט צעפּאַלט —
און דער זאָמען פוילט.

אָ, מיין שלאָפע וועלט !
און דאָס רשעות יאָגט;
ווער באַשירמט ס'געפאַר,
וואָס דער טייפל פּלאָגט ? . .

## זאָל שוין קומען די שעה

דאָס לעבן טוט געטיג ווי פון ביינקן,
זאָל כאָטש קומען דער טאָג, וואָס מיר האָפן;
אויף אייביק וועט די וועלט דאָס געדענקן,
ווען'ס גרויזאַמקייט, דעם מענטש האָט געטראָפן . . .

זאָל שוין קומען די שעה, וואָס מיר וואַרטן,
מיין פרייד וועל מיט אַנדערע זיך טיילן;
די וואָס שמאַכטן אויפן דיל, דעם האַרטן,
וועלן אויך אויפשטיין, די וואונדן היילן . . .

זאָל שוין נעמען אַ סוף צו דעם רשעות,
וואָס כ'וויל מיט אַלע כוחות דערלעבן;
און פאַר אַלע גיהנום'ס און נגישות,
צו וועט מיין וועלט אַזוינס דען פאַרגעבן ? . . .

## נייעס —

גוטע נייעס שיינט פון אויבן,
טרויעריג'ם איז פאַרטריבט אין טונקל;
אָבער שלעכטעס ווער וויל גלויבן,
וואָס פאַררוקט אין שאָטן ווינקל . . .

לייען איך נייעס, בליק מיט האָפן,
אַז דאָס טריבע וועט אויך שיינען;
האָבן וואונדער דאָך געטראָפן,
וויל איך גוטע בשורות לייענען.

לייען איך נייעס, קלער פון וואונדער,
ווילט זיך האָפן, ווילט זיך האָפן,
ווען די אויגן זיינען אָפען;
ווי דעם שיין וויל זען א בלינדער,
וויל איך זען, וואָס אָנגעוואוירן,
וואָס די וועלט האָט ניי-געבוירן . . .

## טעגליכע - נייעס

יעדן טאָג צוביסלעך,
ווערט דער פיינט צעשמעטערט;
און אויף שדים-פיסלעך,
הינטער באַרג ער קלעטערט.

וויגט ער זיך און וואַקלט,
ציילט די לעצטע שטונדן;
באַלד אַראָפּ זיך קייקלט
און ער ווערט פאַרשוואונדן.

קלאַמערט ער זיך אונטן,
שלעפט זיך נאָך אין הינקן;
באַלד צו די אָפּגרונטן,
וועט דער פיינט פאַרזינקען . . .

## ווענענס רייד

ווענענס רייד, זאָגסט נאָך,
רעדסט, ווי אַ קינד;
האָט ווער דיך פאַרפירט ?
פריידיקסט אַ זינד.

דאָס ווינקט ער, אַז פרייד
ברייננגט אויף דער וועלט;
און ווי שווערד אין שייד —
ס׳פנים פאַרשטעלט . . .

אָט צייגט ער אַ שטראַל,
מיינט ער אַ קלונג;
ס׳פאַלשע איז פאַרלייגט,
הינטער דער צונג . . .

קלעפּט זיך אים צום רוט,
שטאַמלט זיין שטים;
לענגעלט ער זיך אויס,
קנעכט זיך פאַר אים . . .

מאָלט זיך אים אַ מאַפּ,
די וועלט איז בלינד;
ווענענס רייד, רעדסט נאָך:
זאַמד איז אין ווינט . . .

# אויף דער וואַך

צו וואַכזאַמקייט רופט
דער טאָג אומעטום:
אַן אויג וואו עס שלאָפט
און נאַכט איז אַרום.

דער טאָג ניט פאַרזעט,
די נאַכט איז ווי בלינד;
נו, זע נאָר ווי שפעט!
וואָס שאָטנט אין ווינט?

כ׳הער דאַכט מיר אַ טריט,
זיך שאַרט ווי אַ שאָרך;
אַן אַנגסט שלאָגט אין מיט
ביז פאַלט ווער אַדורך...

באַהאַלט ווער ביז שטיק
אין טיפע־נאַכט־שוים;
דרינגט שאַרפער דער בליק,
ביז שאָטנט זיך אוים...

כאָטש קליין איז מיין צעלט,
וואָס זעט זיך ניט אָן;
פאַרמיידט ניט מיין וועלט
און שפילט מיט אין קאָן...

צו וואַכזאַמקייט רופט
דער טאָג אומעטום:
אַן אויג וואו עס שלאָפט —
און נאַכט איז אַרום...

## רוזוועלט —

ווי אַ ריזען פעלזיקער באַרג,
עס איז אונדזער העכסטער פון לאַנד;
מאָלט זיך ווי אַן אינזעל אין ים,
שלאָגט שטענדיקע כוואַליעס, שלאָגט אָפּ —
און באַהאַלט זיך פיינט צי אַ כאַם,
ווי אונטער שטרוים־פעדערן דעם קאָפּ,
וואַכט דאָס אויג זיינס הינטער מיין קאַרק,
זעט הינטער באַהאַלטענער וואַנט . . .

ווי אַ ליכט־טורם לויכט אויף דער וואַך,
אין מיט פון אַ חשך'ע וועלט —
אַ, ווער נעמט פון פיינט אַראָפּ ס'אויג ?
דער שטעלט דאָך דעם לעבן זיך איין !
גרינג, ווי עס גדרייעט אַ רויג,
וואָס אַ שאַרק פאַרשלינגט מיט די ציין —
און לעבן אויף דער קני איז אַ שמאַך,
ווען דער אָנפאַלער באַפעלט . . .

ווי אַ מעכטיקער פעלז אין באַשטאַנד,
איז פרענקלין — דעלאַנאָ — רוזוועלט,
זיין רוף, ווי אַ נבואה און גייסט,
קלינגט ווייט אין דער וועלט מיט זיין שטים;
און ווי אַ באַפרייער זיך ווייזט,
הערט זיך איין דאָס לעבן צו אים:
דעם סוף פון די היטלער'ס צו שאַנד —
און פריי וועט אויפלעבן די וועלט . . .

# אַמאָל האָט אַ שטורם געוואָיעט

אַמאָל האָט אַ שטורם געוואָיעט,
אַ שד אויף זיין לענד האָט געזאָטלט;
די בייטש אין זיין האַנט האָט געסווישטשעט,
צו אַלץ אין דער וועלט אויסגעבאָטלט.

גאַלאָפּ האָט דער טייפל געריטן,
געוואַלגערט צעטראָטענע קנאָכן;
צעווילדעוועט זיך אויפן בוידעם,
דעם דאַך מיט דער סטעליע צעבראָכן.

האָט שטורם געריסן די פענסטער,
צעבראַזגעט די שויבן אויף שטיקלעך;
דעם קוימען צום גאַניק געשליידערט,
דעם קעלער געוועזן איז שוין גליקלעך.

האָט טייפל הפקרות צעטראָגן,
מיט וואָרצעל דעם בוים אויסגעריסן;
פאַרלייגט האָט די וועגן מיט חורבות,
געטאָן צו להכעיס פאַר' מיאוס'ן.

און הייזלעך אָן פענסטער, אָן טירן,
דער טייפל געלאָזט האָט זיך הערן;
נאָך ווילדן געברויז זיך צעהוליעט,
אַ שד'ש געטאַנץ פון צעשטערן . . .

נאָר איינגעשטילט האָט זיך דער שטורם,
דער טייפל וואָלט ווייטער זיך יאָגן;
האָט אָבער באַגעגנט די פעלזן —
און האָט ביז צום טויט זיך צעשלאָגן . . .

# אַז מיין אויוון האָט אַ פייער

אַז מיין אויוון האָט אַ פייער,
זע איך ווי די פלאַמען לעבן:
פלאַמען ציקן, קוילן גליען,
ווי די פלאַקערן זיך ציען;
רויטלט מיין געזיכט דערנעבן,
מאָלט זיך אין דער פאַרב אַ נייער —
שיינט אַ וואַרעמקייט אַרום,
איז מיר היימלעך אין מיין הויז.

אַז מיין אויוון זיך צעפלאַקערט,
שרעקט מיך עפּעס פאַרן פלאַקער:
פייער-צונגען פינקן שפּריצן,
כ'זע אַ וועלט אין שטורם בליצן
און די ערד אַ קברים-אַקער,
וויפיל טויטע ווער פאַראַקערט?
קלאָגט אַן עלענט וויסט, פאַרלאָזט —
ערגעץ שוידערט, ברענט אַ פראָסט . . .

צוקן פלאַמען אין מיין אויוון,
שפּיגל איך זיך אין די פלאַמען;
אוי, מיין וועלט וואָס דאַרף פאַרצערן,
ווער דאָס שלעכטס וואָס טוט געבערן —
איבער לענדער, איבער ימים,
די גערעכטיקייט פון אויבן:
טראָג דאָס פייער וואָס פאַרלענט
און פאַרטיליק ביזן ענד . . .

## ליכטיקע ווערטער

כ'האָב ליכטיקע ווערטער געקליבן
און ס'לעבן איז טריב מיר געבליבן;
אַז הימל און ערד און גאָט'ס-גלויבן,
זיי האָבן דעם מענטש ניט דערהויבן . . .

טוען אַלערליי פראַזן אָפּנאַרן,
אַ וועלט וואָס האָט שקלאַפן און האַרן;
און זינדיקע זיינען די געטער —
און הייליקע זיינען די בעטער . . .

נאָר, גאָט „איש-מלחמה" טו לויבן,
ווי גרויס איז אַל-מאַכט און דערהויבן;
פאַרהוילן אין זיינע באַהעלטן,
פירט אפשר מלחמות מיט וועלטן ? . . .

נו, צווייפעל ניט מענטש אָן אַ גלויבן,
דער הימל גאָט'ס-כסא איז אויבן;
די ערד גאָט'ס-פוס-בענקעלע אונטן,
באַפלעקט שוין מיט בלוט די אָפּגרונטן . . .

## ווערטער —

סאַר גאָלדענע ווערטער פאַרשריבן
און אָרעם אַליין בין געבליבן;
דאָך זיינען מיר טייער די ווערטער,
באַשיינען פאַרשאָטנטע ערטער,
באַלויכטן די טונקעלע זייטן —
נאָר, טייער'ס איז שווער אויסצובייטן,
בלויז ביליג'ס איז גרינג צו פאַרקויפן,
אַ מאַרק פול מיט ווערטער דעם אופן . . .

סאַר ליכטיקע ווערטער פאַרשריבן
און טריב איז מיין לעבן געבליבן;
נאָר, ס'טריבע מאַכט טרויעריג אַ צווייטן,
ווען ס'יאָמערט אַ וועלט אָט די צייטן;
און ס'ליכטיקע לעשט זיך אַצונדער,
ביי נאַכט אין אַ „בלעק־אַוט" באַזונדער —
נו, ווערן די ווערטער נאָך טריבער,
דאָך ס'פינסטערע וועט באַלד פאַראיבער . . .

## לעב איך איבער

ווינט און שטורם און שלאַקס־רעגן,
אויף מיין לעבנס־וועג באַגעגן;
וואַרט איך אָפּ, ביז גייט פאַראיבער,
שיינט דערנאָך די זון מיר ליבער.

שניי און בליזאַרד, פראָסט און קעלטן,
וואָס באַגעגן אויך ניט זעלטן;
און וואָס טרעפט ניט טריב און טריבער,
שיינט באַלד ווידער ליב און ליבער.

וואַרט איך אָפּ אויך די געפאַרן,
וואָס פאַרפירן און פאַרנאַרן;
און דאָס גוטע, וואָס טו שטרעבן,
וועט דאָס שלעכטע איבער לעבן . . .

# דריי שטערנדלעך

דריי שטערנדלעך שיינען דורך פענסטער,
צוויי לויכטן מיט גאָלד פון דער זון;
נאָר, איינס אָטאָ גרויט אַ געשפּענסטער,
ווי ס'ליכט אויסגעלאָשן דערפון . . .

דריי שטערנדלעך, יעדעס באַזונדער
און אַלע צוזאַמען באַנאַנד;
פון פאָטער און מוטער די קינדער,
מיט אַלע, וואָס ליבן דאָס לאַנד.

דריי שטערנדלעך, זייד'נע סימבאָלן:
דריי ברידער געגאַנגען אין קריג;
מיט שונא פון טויזנטער גרוילן —
און העלדיש געקעמפט פאַר אַ זיג . . .

דריי שטערנדלעך, איינס אין קרעפּ שוואַרצן
און מוטער, וואָס טרויערט פון קינד;
און פאָטער, וואָס לעבט אין זיין האַרצן,
אַ העלדן לעגנדע זיך שפּינט . . .

מיטן פרילינג קומט דער מיי,
וועקט די נויט און שקלאַפעריי:
גורט זיך אָן מיט מוט באַזעלט,
שאַפט און בויט אַ נייע וועלט . . .

## ביינקשאַפטן

די ניט דערגרייכטע ביינקשאַפטן,
טליען אין מיין האַרץ און גייען אויס,
ווי די טעג, וואָס גייען אויס,
נאָר אַנדערע טעג קומען אָן,
וואַקסן נייע ביינקשאַפטן אַרויס.

טעג גייען אַוועק און קומען אָן,
ס'וואָלט מיין האַרץ ענג געווען,
וויפיל ביינקשאַפט ס'קלויבט זיך צענויף;
און ס'גליען אַזוי פיל באַגערן —
און פאַרלעשן זיך, ווי די שטערן.

נאָר, ס'לעבן איז אַזאַ געוועב,
ווי פון פרילינג און האַרבסט;
שפּראָצט עס און בליט און וויאַנעט און וועלקט,
נאָר, בלויז צום ענד, צום סוף, שרעקט וואָס,
ווען באַוואוסטלאָז אַלע ביינקשאַפטן גייען אויס . . .

## דאָס ליכט צו דערקענען —

עס איז מיר געבליבן,
דאָס ליכט אין די אויגן,
כאָטש פינסטער אַרום איז געווען;
זיך ווידער געקליבן
און ווייטער געצויגן,
ביז ערגעץ אַ שטראַל־ליכט דערזען.

געשפּאַנט האָב מיט האָפן
און ווייטער געגאַנגען,
ביז וואַן וועט זיך אָפּטאָן דער שרעק;
אַמאָל בין געלאָפן,
פון גיפטיקע שלאַנגען,
געיאָגט זיך, וואו וועלט האָט אַן עק.

נאָר, וועס האָב געמיטן,
געבראַכט האָב אַנטקעגן,
דאָס ליכט צו דערקענען זיך טריי;
מיין גייסט ניט געביטן,
אויף אַלע די וועגן,
דאָס הארץ האָט געשלאָגן מיר פריי . . .

## איך טראָג דאָס ליכט

איך טראָג דאָס ליכט אין די אויגן,
פֿון דער אויפֿגייענדער זון;
שפּין איך דעם שיין פֿונם לעבן,
וואָס טו אָפּשפּיגלן דאַפֿון.

היט איך די קנויט זאָל ניט צאַנקען,
שרעקט מיך דאָס ליכט ביים פֿאַרגיין;
וועב איך דעם טרוים פֿונם מאָרגן,
ביים טונקל׳ן דעמערונג שיין.

קלויב איך דעם שיין פֿון דעם שאָטן,
שפּרייט זיך דער אָוונט צום סוף;
הילט איין די נאַכט אין איר שלייער,
צום טאָג די אויגן כ׳מאַך אויף . . .

## ס׳איז גוט צו לעבן

ס׳איז גוט צו לעבן אין אַזעלכע טעג,
ווען די האָפֿנונג זיך צעשטראַלט;
פֿלאַטערט, פֿלאַטערט פֿאָראויס ס׳האַרץ,
פֿריער, ווי ס׳אויג זעט דעם שיין.

איך שפּאַן מיט געהויבענער ברוסט,
אַדורך דעם פֿינסטערן קאָשמאַר;
און ווי דעם בלינדנס הענט פֿירן פֿאָראויס פֿאַרן טריט,
אַזוי מיין טרוים שפּינט פֿאָראויס דעם באַשייד —
פֿאָראויס, פֿאָראויס שפּאַן איך דרייסט,
ס׳איז ווערט צו לעבן די האָפֿענונג שפּרייזט . . .

## אַ ניי־יאָר לעבן

כ'וויל זיך אויסטאָן פון אַלע זאָרגן,
און אַ זאָרגלאָזער אַנטקעגן גיין,
דעם מאָרגן;
און די ניי־יאָר־נאַכט,
צום ניי־יאָר־טאָג,
צענויף וועבן
און אויפלעבן
אַ פּאָר גוטע שעה'ן —

אוי, ווי ס'ווילט זיך אַמאָל אַ מעת־לעת,
אַ פאַרגעם טאָן דאָס פאַרגאַנגענע —
זאָל אויפן זין גאָר ניט געדאַכט זיין,
וואָס פאַרשאָטנט מיין שיין —
כ'וויל דאָס גרויקייט איבער מאָלן
און דאָס טריבקייט איבער פאַרבן;
איבער דאָס שיינע חלומ'ען:
אַ ניי־יאָר וועבן!
אַ ניי־יאָר לעבן!

## געבורטס־טאָג

איך צייל מיין געבורטס־טאָג,
דער ציילט זיין געבורטס־טאָג;
און די וועלט האָט איר געבורטס־טאָג,
יעדער ציילט, ציילט, ציילט,
נאָר, די וועלט קען ניט ציילן.

געבורטס־טאָג! געבורטס־טאָג!
ווער האָט ניט קיין געבורטס־טאָג?
און דאָס פאָלק האָט געבורטס־טאָג,
נאָר יעדעס פאָלק דערציילט אַנדערש,
וואָס די וועלט קען ניט ציילן...

## דער גאָלד שמיד

ווען דער גאָלד שמיד, שמידט אַ רינג,
טאַנצט אַ מיידל און אַ יונג;
ביז דעם רינג אַרום געשמידט,
ערשט די ליבע זיך צעבליט.

ווען דער גאָלד שמיד, ס'קייטעל שמידט,
לויפט דער יונג נאָך מיידל'ס טריט;
ביז דאָס קייטעל אויסגעשמידט,
ערשט דער ליבעס פלאַם צעגליט.

ווען דער גאָלד שמיד, שמידט דאָס גאָלד,
וואָס דער בחור האָט געוואָלט;
און דאָס מיידל האָט געגליסט,
ביז די ליבעס-פרוכט גענוסט . .

## מיין טייערער

דיין בילד אויף מיין קושן, מיין ליבער,
ליגט מיר אויף צו קאָפּנס, דערנעבן;
שלאָף איך און וואַך מיט די חלומות,
וואָס שפינען זיך אויס פון דיין לעבן.

אַוועק ביסט אין קריג מיין געטרייער,
דאָס לאַנד צו באַשיצן איר פרייהייט;
און איך שיק דיר בריוו מיט האַרץ-גרוסן —
און שווער דיר מיין אייביקע טרייהייט.

נו, גיך קום מיין טייערער, בשלום,
מיין בייִנקשאַפט צוזאַמען אויסוועבן;
נאָר, ס'לאַנד ברויכט דיין דינסט קעגן שונא—
וואַרט איך אויף דיין ליבע, ווי ס'לעבן . . .

# איך שפּיגל מיך —

I.

איך שפּיגל מיך אין מיין יונגסט אייניקל,
ס׳פּנים׳על מיט געהויבענעם קעפּעלע,
געראָטן איז אין פאָטער;
לויכטן די שוואַרצע אויגעלעך פון קינד,
שיינען זיי, ווי די אויגן פון מיין זון
וואָס שפּיגלט זיך אָפּ פון מיר —
מאָלט זיך, ווי כ׳בין אַליין נאָך אַ קינד
און די מאַמע מיך צערטעלט:
כ׳בין געראָטן אין זיי ביידן
אין טאַטן מיטן זיידן —
זע איך אין אָפּשפּיגלונג,
פון מיין יונגסט אייניקל:
אַ פּאָר דורות פון מיין שטאַם —

II.

ס׳שפּילט די שנור ס׳קינד און וויגט עס איין,
שלאָף מיר, שלאָף געזונט,
דיין טאַטע קומט אַהיים פון קריג געשווינדט;
און ס׳קינד, ווי פאַרשטייט די מוטער-שפּראַך,
בלעבלט נאָך מיטן צונגעלע,
מיט אַ קוויטשעלע אַ דינס;
אַזש אַ שמייכעלע אויפן קינד׳ס פּנים׳על זיך שפּרייט —
דערציילט אַזוי די מוטער ס׳קינד:
דיין טאַטע קומט אַהיים פון קריג,
דערפילן וועסטו פרייד אין וויג;

נאָר ס'קינד מיט אַ געוויין אַרויס,
ס'האָט אַ טרער דערזען אין מאַמעס אויג:
דער פיינט, דער פיינט איז נאָך גרויס —
נו, חלום שיין מיין קינד אין שלאָף,
באַלד קומט צום פיינט אַ סוף —
דעם טאַטן דערזען זאָלסט אין וואָך
און ס'קינד פאַרשטייט די מוטער-שפּראַך . . .

## אַ שטערן פון זייד

עס הענגט אויף מיין שויב
אַ שטערן פון זייד;
פון שטערן און סטרייפס,
פון דער פאָן וואָס ווייעט.

באַצירט דאָס מיין שטוב,
דער סימבאָל באַשיינט:
מיין זון וואָס איצט קעמפט,
אין קריג מיט דעם פיינט.

פאַרגעס ניט מיין קינד,
דעם ציל פון דעם שטרייט;
דער שטערן מיר לויכט,
פון נאָענט און פון ווייט . . .

געדענק איך מיין קינד,
ווי ליב איז מיין לאַנד;
דעם שטערן מיר שיינט,
ביים גאָלדענעם ראַנד . . .

# ליבעס־הוים

אויסגעמאָלטע שטיבן,
לויכטן פאַר מיין שיין;
שיינען זיי מיין ליבן,
לויכט ער מיר נאָך מיין.

שפּיגלט יעדעם ווינקל,
וואו זיך גיב אַ קער;
טוט דאָס אויג אַ פינקל,
ביי מיין ליבן מער.

בלאַנקט געשיר און מעבל,
פאַר דעם ליבסטן מיין;
לאָז איך ניט קיין שטויבל,
פאַלן אויף זיין שיין.

פילט מיין ברוסט פאַרלאַנגען,
וואָס מיין ליבער פילט;
שפּרייטן זיך פאַרהאַנגען,
וואָס ניט איז פאַרהילט.

אָפן איז מיין אָרעם,
פאַר זיין ליבע האַנט;
איז זיין ליבע וואַרעם,
אין מיין שטובן־שטאַנד . . .

## ווייסע שוואַנען

ווייס-געמאָלטע שיפלעך,
שטייען נעבן ברעג;
אויסגעשפּרייט די זעגלען,
זעגלען זיי אַוועק.

טראָגט דער ווינט די זעגלען,
מיט אַ ליבע האַנט;
לאָזן זיך די שיפלעך,
צו אַ ווייטן לאַנד.

כמורעט זיך דער הימל,
בורעט זיך, וואָס בייז;
אַנקערן די שיפלעך:
אוי, וואָס קומט, ווער ווייס?

לייטערט זיך דער הימל,
לויכט ער אויף אַ פרייד;
דאַכט זיך ווייסע שוואַנען,
שווימען ערגעץ ווייט.

## שיפעלעך

שיפעלעך פאַרביקע,
ווייסנקע, שוואַרצנקע,
אַלערליי קאַליערנדע,
שטייען ביים ברעג;
נעבלדיק, שלומערן,
וואַלקנדיק אומערן,
זעגלנדיק פלאַטערנדיק,
שווימען אַוועק.

שיפעלעך רודערן,
מוסקולן און אָדערן,
כוואַליעט זיך כוואַליענדיק,
שוימיג ווי וויין;
כוואַליענדיק טאַנצנדיק,
פעכנדיק גלאַנצנדיק,
שיפער און שיפעלעך,
שפיגלן אין שיין.

שיפעלעך פאַרביקע,
בלויענקע, רויטנקע,
דאַמפפנדע—שיפעלעך
שווימען, ווי ווייט;
זונענדיק שימערן,
שטערנדיק גלימערן,
האַרציקע ביינקנדע,
ליב זיי באַגלייט.

## ווינטער —

דער ווינטער קומט אָן, ווי אַ כלאָפּ,
מיט ווייסן באַשליק אויפן קאָפּ;
אַן אַלטער כלאָפּ מיט ווייסע האָר,
וואָס עלטער ווערט פון יאָר צו יאָר.

קומט ווינטער מיט פאַרשנייעטן קלייד,
דורך ווייסע לאַנדשאַפט אויסגעשפּרייט;
דורך ווייסן פעלד און ווייסן וואַלד,
אינגאַנצען ווייס אין זיין געשטאַלט.

האָט ווינטער ליב אַ ווייס-געצעלט,
אַ שליטן קלינגט אין ווייסער וועלט;
אַ קונדס'על זיך שפּילט דערביי,
וואָס קנעט זיך אויס אַ מענטש פון שניי.

שפּרייט ווינטער אויס זיך ווייס, ווי קאַלך,
אַ מאָלערש-יונג שוועבט, ווי אַ מלאַך;
מיט פּליטער, פלאַטער בלענדט פאַרביי,
באַלד לויפן מענטשן שאַרן שניי.

נאָר, ווינטער כלאָפּ טוט אַלץ פאַרקערט,
מיט קופּעס שניי דעקט צו די ערד;
דאַרפט ווייסע כאַטע און ניט מער —
און לייגט זיך שלאָפן, ווי אַ בער.

## ווינטער - ליד

ס'איז דער ווינטער אָנגעקומען,
פיבערהאַפט מיך דורכגענומען;
יאָגט אַ שניי אַרום ווינט-מילן,
ווינט און זאַוויערכע זיך שפּילן.

ווילד דער פראָסט מיך טוט אומאַרמען
און דער ווינט מיט פייפן, ליאַרמען;
שפּילט זיך מיט אַ שניי-געוויטער,
צאָן אָן צאָן קלינגט אָפּ אַ ציטער.

ווינטער-סטרונעס פראָסטיק קלינגען,
וואַרמען אָטעם צו פאַרשלינגען;
ווייסע ציינער פאַר קלאַוויערן,
ביז שפּיץ-פינגער זיי אָפּפרירן . . .

## — טעג

טעג פאַרכמורעטע, ווילט זיך פאַרשלאָפן
און אין זוניקע טעג, ווילט זיך אויפלעבן;
נאָר, די שטורמדיקע טעג זיי שרעקן,
זאָלן ניט מיין שטיבל, ווי אַ שטויבל אויפהייבן . . .

נאָר, סיי זומער טעג, סיי ווינטער טעג, צו דעסגלייכן,
טעג, ווי נעכט, ווי פינסטערע געמעלן;
ווי מיין שאָטן אַזאַ טרויעריג בלייכן —
איז מיר שווער די טעג אויסצודערציילן . . .

## אַז ס׳מאָלט מיין דמיון

אַז ס׳מאָלט מיין דמיון,
ווי מיט אַ פּינזל,
פאַרצייכנט מיין פעדער די שטריכן,
מיין פען שלייפט איבער ס׳בלאַט,
שמידט איין מיין לעבנס-גייסט,
אינם באַשאַף פון בילד.

ס׳שפּיגלט שוואַרץ-בלוילעך טינט-קאָליער
אַ שימער פון אותיות,
אינם שיין פון ווערטער און שורות —
לויכט בוילעטער אַ שטריך,
צייכנט מיין פען אַ ניי בלאַט,
געלייטערט אויף מאָרגן . . .

## טעג פון טראַכטונג —

טעג פון טראַכטונג,
שפּראָצן די נעכט,
בליט דער געדאַנק,
ווערט רייף דאָס וואָרט,
וואַקסט אויס דאָס בילד:
פון מאָרגן —
שאַפט זיך אין טראַכטונג,
שיינט נאָך אַ זעאונג:
אויף איבער-מאָרגן —
לויכט דער העכסטער לעבנס-באַשאַף:
דער מענטש פון מאָרגן,
איבער דער וועלט . . .

## סאַרע דאַכטונגגן

וואַסערע דאַכטונגגן,
ברייגנט דער שטורם,
ווי פון אַ פינסטערן וואָלקן
וואַקסט אויס אַ מאָנסטער-געשטאַלט —
באַפאַלט אַ גרויל,
שפּרייט פאַרנאַנדער אַ שרעק:
פון אַ חרב-הויז —
פייפט אַ ווילד געבּרויז,
אַ בייז געוואָיע:
פון אַ פרישע חורבה,
צו פון ערגעץ אַ העק —
טראָגן זיך די שטורם-קולות,
גליווערן זיי ס'בּלוט,
שפּראָצען אַנגסטן,
אָט די שטורם-דאַכטונגגן . . .

## די שעה פון טראַכטן

די שעה פון טראַכטן בּלעטערט זיך אין זין,
שווימט אַרויף דאָס בּילד אויף דער אויבּער-פלאַך;
די זון באַשפּריצט מיט גאָלד, אַ ניי געשפּין,
וואַקסט עס אויס, ווי אין שפּריי-רעגן פיל-פאַך . . .

די שעה פון טראַכטן וועבּט זיך אין געדאַנק,
קריצט זיך איין אין זכרון פאָרם און געשטאַלט;
דאָס אויער הערט דעם ריטם, יעדן קלאַנג —
און פאַרצייכן יעדן שטריך, וואָס ענטהאַלט . . .

## דער זייגער גייט

דער זייגער גייט זיך שטונדן,
טאָג און נאַכט ער גייט;
הערט ניט אויף קיין סעקונדן,
ווייזן אונדז די צייט.

דער זייגער גייט מאָנאַטן,
וואָכן נאָכאַנאַנד;
גייט פּונקט צו די מינוטן,
גייט פון האַנט צו האַנט.

דער זייגער גייט זיך יאָרן,
ניט קיין לאַנד פאַרפעלט;
אויף ימים אויסגעפאָרן,
גייט אויף גאָרער וועלט.

## אַז —

אַז מיין האַרץ גייט ווי אַ זייגער,
הער איך מיך ניט איין;
נאָר אַמאָל, אַז ס'קלאַפּט מיר שטאַרקער,
האָרך איך צו מיין פּיין.

אַז מיין אויג לויכט ווי אַ שיינדל,
קוק איך מיך ניט אום;
נאָר אַמאָל, אַז ס'ווערט פאַרלאָפן —
וויש איך ס'אויג אַרום.

נאָר דאָס אויער צו דער נשמה
האָרכט זיך שטענדיק צו;
וואָס היט אָפּ מיין אָרעם לעבן,
מיר צו יעדער שעה . . .

## מיט מיר אַליין

איך מאַך היימלעך מיין שטוב,
באַפּוץ און באַרוים;
און גרייט צו אַן אויפנאַם,
עס מעג זיין אַ טרוים.

איך קום אָוונט אַהיים,
באַגרים איך די ווענט;
באַלד דעם אויוון פאַרהייץ,
ווי ליכטיק עס ברענט.

און אויך מחיה'דיג ליב,
דאָס לעמפּעל מיר שיינט;
מיט מיין אויוון באַנאַנד,
צוויי שטוביקע פריינט.

צונדט זיך היימלעך געמיט,
ווי אויפגערוימט בין;
ווי מיין שטובן־שטאַנד איז,
וואָס פריינטשאַפט געפין.

שלאָגט מיט אומרו דאָס האַרץ,
וואָס שפּיגלט זיך מיר?
און דאָס בייגקן מאַכט מיד,
ווער קלאַפּט אין מיין טיר?

און מיין אָפּרו איך בענש,
די שטילקייט האָרך איין;
אָט, מיין מוזע זי קומט,
מיט מיר דאָ אַליין . . .

# אויף וועגן אויף שווערע

אויף וועגן, אויף שווערע,
די ערד, ווי פון ליים;
און שטיינערנע וועגן,
וואָס פירן אַהיים.

אַ טראָגן, אַ הויבן,
די פיס מיט די הענט;
אַ שלעפּן, אַ קריכן,
אַ שאָטן צום ענד.

איינגאַנצן אַ משא,
וואָס בויגט אים אַראָפּ;
נישט גרינג און נישט ליידיק,
שטעלט ערגעץ זיך אָפּ.

און גיכער נעמט שפּאַנען,
נאָך יעדן אָפּרו;
און ווייטער געגאַנגען,
אַ שעה, נאָך אַ שעה.

ביז פינסטער געוואָרן,
דער טאָג איז אַוועק;
געהאַנדלט, געוואַנדלט,
געשלעפּט זיך מיט פּעק.

ער שלעפּט אויך די יאָרן,
די עלטער אין זאַק;
אַ מיד־אויסגעשעפּטער
ער פאַלט, ווי אַ פּאַק . . .

# פאַרגעס אַז איך לעב

פאַרטאָן און פאַרהאַוועט,
צערודערט, צערשטרייט;
פאַראַרבעט, פאַרהאָרעוועט,
עס קלעקט קוים די צייט.

עס ווייטאָגט אַ בייגקשאַפט,
פאַרגעס, אַז איך לעב;
פאַרקניפּט און פאַרפּלאָנטערט,
דעם חלום איך וועב.

מיט שטריק, ווי פאַרפּלאָכטן,
דעם יאָך אויף מיין קאָפּ;
דאָס חלום'ט זיך איבער —
און זינק אַזש אַראָפּ.

מיט פּעק אָנגעלייגטע,
דער לאַסט אויף מיר שטייגט;
אַט פאַלט און זיך קייקלט,
צום אָפּגרונט זיך לייגט.

אָ, שווער איז דער חלום,
פאַרגעס, אַז איך לעב;
וואָס טליעט אַ בייגקשאַפט ?
און ווייטאָגדיק שטרעב . . .

## אונטער שווערער לאַסט

אונטער שווערער לאַסט,
פאַלט איין דאָס געזונט;
דאַכט מיר, אָט עס זינקט,
ביז אַראָפּ צום גרונט.

מערסטען טייל די הענט,
שלעפּען נאָך געפּעק;
הענגען זיי אַראָפּ,
ווי צוויי שווערע זעק.

זע איך דאָס געפאָר,
אויף און אָפּ אַ באַן;
נאָר, קוים אויף די פיס,
האַלט זיך מיין געשפאַן.

שווינדלט פאַר דעם אויג,
וויגט זיך אום מיין טריט;
און פון יאָך ס'געזונט,
שלעפּט זיך קראַנק און מיד . . .

## גייט אַ בלינדער

גייט אַ בלינדער מיט אַ שטעקן,
וואָס באַשיצט אים פונם געפאַר;
קלאַפט ער, קלאַפט, זאָל יעדער הערן:
ס'גייט אַ בלינדער אויפן טראָטואַר.

שפּאַנט דער בלינדער, קלאַפּט דער שטעקן,
ניט געשטרויכלט ער זאָל נישט זיין;
נאָר, דעם וועג, דער גאַס אַריבער —
מיטן שטעקן קען ניט גיין . . .

בלייבט ער שטיין ביים ראָג דער בלינדער,
ווי פאַרוואָלקנט איז אים דאָס האַרץ;
פירט אַ פרעמדער אים ביים אָרעם,
קוקט זיין שיין, ווי די וועלט אים שוואַרץ . . .

## גוט איז —

גוט איז צו זיין אין דער וואָרעם,
ווען דרויסן טראָגט זיך אַ שטורם;
איז גוט אונטער וואַר'מער צודעק,
ביז וואַן דער שטורם וועט אַוועק.

הער איך דאָס ברויזן פון שטורם,
זע איך ס'געפאַר פון שפּיץ-טורם;
שוין זיכערער איז דאָס גרעזל,
דער דעמב צעפלאַצט, ווי אַ בלעזל.

כאַפּ איך אַ ציטער פון שטורם,
קיין שרעק האָט נאָר ניט דער וואָרעם;
באַהאַלט ער זיך, וואו זאָל ניט זיין,
דער שטורם מיידט אוים, וואָס איז קליין . . .

## דער האָלץ העקער

אַז דער האָלץ העקער האַקט,
פֿלאַקערט ס׳קין, לוסטיק קנאַקט;
פֿאַלט דעם העקערס האַק אַראָפּ,
שווער דעם אָטעם דעכעט אָפּ.

פֿלאַמט ס׳קין דער אויוון ברענט,
פֿון דעם האָלץ העקערס הענט;
און די שייטלעך האָלץ ער בינדט,
ווי אַ בייטש צום פֿראָסט און ווינט.

האַקט ער האָלץ אויִם אַ וואַלד,
מעג זיין אַ קרירע קאַלט;
וואַרעמט יעדער זיך ביים שיין,
נאָר, אין וואַלד ער פֿרירט אַליין . . .

## דער קוילן טרעגער

בינטלעך האָלץ און זעק מיט קוילן,
אויפֿן טרעגער׳ס רוקן גרוילן;
דאַרף נאָר כּוח און אָטעם קריגן,
טריט ביי טריט אַרויף די שטיגן.

סאָפּעט אָפּ ביים ערשטן גאָרן
און זיך פֿלאָנטערט אין זכּרון;
אונטן, אויבן, העכער, העכער,
וויפֿיל גאָרנס צו די דעכער?

שפּאַנט ער טריט און ציילט די שטיגן,
וואָס זיך נויטיגט, דאַרף ערשט קריגן;
זאָל נאָר נישט אַ שפּרייז פאַרפעלן,
וועט פאַרשפּאָרן צו צעציילן . . .

שלעפּט ער משא פונם קעלער,
מיט אַ קורצן אָטעם-פעלער;
זאָל נאָר נישט אין קעלער זינקן,
זיך אויסלעשן לעצטע פינקן . . .

## דער דיש-וואַשער

דער דיש-וואַשער, וואַשט דאָס געשיר
און דאָס וואַסער בריט פון קראַן;
וואַשט ער דאָס געפעס און ער וואַשט,
וויפיל אין קיך איז פאַראַן.

דער דיש-וואַשער, וואַשט פרי און שפּעט,
לאָזט ניט אַרוים קיין שום גלאָז;
און וואָס אין די טעלער נאָך בלייבט,
שלאָגט אים אַ ריח פאַרן נאָז.

דער דיש-וואַשער, וואַשט אָבער ריין,
וואָס שיין זאָל זיין צום געשמאַק;
נאָר, אים קלעפּט זיך, ווי חלב ס'פעץ,
וואָלט אַלץ געטאָן אַ צעקנאַק.

נאָר, פאַרזיכטיק און אָפּגעהיט,
מוז זיין די דינסט און דער קנעכט;
און וויפיל געשיר ער צעוואַשט,
ס'ברויט ער פאַרלירט, אויב צעברעכט . . .

## פאַרקוק זיך אַמאָל

אומקלאָרע טראַכטונגען,
פאַרנעבלטע זעאונגען,
שוועבן פאַרביי ס׳אויג
— אַן פאַרב און בילד
פאַרקוק זיך אַמאָל אין אַ טומאַן,
דאַכט מיר, דער הימל׳ס שלאָף־שלייער,
אַזאַ גרויער היל אויף זיין פּנים,
טיף דוירכזיכטיק גראָ,
לאָזט ניט דורך קיין שום שיין און קאָליער:
— דער הימל — און זיין דרימל

פלאָנטערט זיך אַמאָל אַ חלום,
דאַכט זיך אַליין אין דרימל,
— אַזאַ נעבלדיקער אויסזען
אַ געפלעכט אוים שפּינוועב׳ס,
— אַזאַ שלאָף־שלייער — פאַרן זינען
איך זוך אַן אָנהייב
און זוך אַן ענד,
פלאָנטערט זיך אַ מיש־מאַש,
— אַ פאַרוואַרטע קנויל
צעקריכט דאָס שפּינוועב׳ס
ביים איבעררייס פון דרימל,
ווי ס׳שיינט אויף דער הימל . . .

## דער האַרבסט מאַכט פויל

דער האַרבסטיקער רעגן מאַכט פויל,
צום ערשט מאַכט דער האַרבסט פויל די קאַץ;
צעהאָפּקן זיך מעגן די מייז
און איבער די קאַץ טאָן אַ שפּרייז,
כאָטש צימבל און זעץ אין דער טאַץ,
איר אַרט ניט, זי ליגט, ווי אַ קנויל.

צעבילט זיך, צעבילט זיך דער הונט:
די קאַץ מיט איר עק זיך באַלעקט;
און ער דורכגעווייקט ביזן ביין,
אַ קוישעל געבראַכט מיט די ציין —
און זי וואו אַ ביסן דערשמעקט,
זי קומט זיך צום גרייטן געשווינד.

עס לאַשטשעט די ווירטן דעם הונט,
וואָס שיקט אויפן מאַרק אים אַרויס;
אַליין איז בעל-הבית'טע פויל
און שאָקלט זיך אָפּ פּונם גרויל,
נאָר, האַרבסט שפּרייט אַ טריבקייט אין הויז,
ווי ס'קאַפּעט אינדרויסן אַצונד.

נאָר, ווי בעל-הבית זיך באַמיט,
ער גענעצט און מאַכט אויף אַ מויל;
דאָך לעקט אים דער הונט ביי דערביי,
ווי גרייט אים צו דינען געטריי —
נאָר, שלעפעריג פאַלט ער, ווי פויל
און לייגט זיך אַוועק פאַר זיין טריט.

## אַ נאָמען —

איך לייען אַמאָל איבער אַ נאָמען,
ווי ס'גייט אויף אַ שפּראָץ פון אַ זאָמען;
דאָך ציט מיך דער נאָמען צום לייענען,
ווי שפּראָץ צו אַ פלאַנץ וויל אויפשייננען . . .

נאָר, טוט מיך ענטווישן דער נאָמען,
דאָס קלעפּט זיך אַזוי צו מיין גומען;
ווי האַנט פון פסוידאָנים טוט שמירן,
ווי קרעפּאָווע, טו נישט אָנרירן . . .

נאָר, אָפט שרעקט אַ קלינגנדער נאָמען,
זאָל ליבערשט די צונג מיר פאַרשטומען;
צו רופן דעם נאָמען — צונעמען,
ווי הינטער די אויגן פאַרשעמען . . .

## צווישן פּילע —

צווישן פילע, אָ, פיל איך זיך אַליין,
אין אַ זייטן־ווינקל זיך געפין;
אַז די „חכמות" גרילצן אונטער די ציין —
און ביים נאַר, מיך אַרט נים, וואו איך בין . . .

שרעקט מיך אָט די חוצפּה'דיקע ווייזהייט,
פאַר אַ רענדל כבוד זיך צעלייגט;
און דער חצוף שטופּט זיך מיט געמיינהייט,
ביסקל אויבן אָן פאַר אַלע שטייגט . . .

## יאָקעל געמבע

יאָקעל געמבע איז ניט שטום,
שלינגט די רייד און שפּייט זיי אויס;
שטעלט אַ רעדל זיך אַרום,
ווערט אַרום דאָס רעדל גרויס . . .

שפּאַרט אַ קוימען קנוילן רויך,
געמבע קנוילט אַזוי די רייד;
קנוילט און קנוילט אַ קופּע הויך,
קנוילט ער שפּינוועבס — זאָגט ער זייד . . .

קלינגט אַ פּוסטער, הוילער־פּאַס,
געמבעס צונג אַ ספּאָדעק דרייט;
רעדט ער סתם, ווי פּוסט און פּאַס —
און דאָס ווידער־קול צעקייט . . .

האָקוס־פּאָקוס געמבעס שטים,
איז אַ סברה פון די ציין;
בלאָזן זיך די באַקן אים,
זאָגט ער וויצן, לאַכט אַליין . . .

האָקוס־פּאָקוס געמבע רוישט,
גיט מיט פינגער צו אַ קנאַק;
און דער פּלוישער זיך צעפּלוישט,
וואו דער ווינט בלאָזט דעם בלאָז־זאַק . . .

# האַקאַספּער מיט די זייגערלעך

האַקאַספּער האָט זייגערלעך געשלינגען,
דאָס שטעטל מיט אים האָט געקלינגען;
ער שפּילט און געווינט אין געוועטן,
די זייגערלעך שלינגען — אים זעטן
און זייגערלעך שלאָגן אָן זאָרגן,
ער קען זיי פאַרזעטצן אויף באָרגן.

האָט איינמאָל אַ לץ אים געמיטן
און רובעל׳ס אויף צענער׳ס געביטן —
האַקאַספּער ! נו, פּרואוו צו פאַרשלינגען,
אַזעלכע מטבעות, וואָס קלינגען ?
האַקאַספּער מיט שלינגנדע אויגן,
ביים האַלדז האָט דעם גאָרגעל צעצויגן —

האָט חברה געפּילדערט ביים קומען:
האַקאַספּער באַהאַלט הינטער גומען —
באַווייז נאָר דעם שלונג, דיר צו טרויען,
צו פאַלט ניט אַראָפּ צו די קלויען ?
האַקאַספּער געעפנט די ציינער,
צעלאַכט האָט זיך חברה, ווי איינער.

דער לץ פון קאַטאָוועס געטריבן,
פון שפּאַס, איז ער ערנסט געבליבן:
זאָל נאָר נישט אין גאַנצן גערייען,
באַלד אַלע מטבעות ניט סטייען;
זאָל כאָטש אויף אַ טרונק זיין צו קויפן,
האַקאַספּער וועט האָבן דאָס לויפן . . .

האַקאַספּער מיט אייזערנעם מאָגן,
פון שטעטל זיך פלינק אָפּגעטראָגן;
עס האָט אים אַ גנב געדינגען,
ער זאָל פאַר אים זייגערלעך שלינגען —
אַ זייגערל — איינס איז געלאָפן,
וואָס האָט ניט געלאָזן אים שלאָפן:
טיק־טאַק און טיק־טאַק אַנגעצויגן,
וואָס האָט אים אין דרייען געבויגען,
האָט זייגערל געקלאַפּט אין זיין מאָגן,
דעם סוף פון זיין לעבן געשלאָגן . . .

## די ציגיינערן

די ציגיינערן ווינקט און רופט,
וויל יעדן קאָרטן לייגן;
זי מורמלט, מורמלט אַ שפּרוך,
וואָס וואונדער זי קען צייגן.

די ציגיינערן לייענט פון האַנט,
וואָס האָט אין זין צו טרעפן;
און מיט אַ פינטל פון אויג,
גיט צויבער שלאָס אַן עפן.

די ציגיינערן טוט דאָס פלינק,
געשיקט, ווי פייל און בויגן;
און מיטן ווייסעל פון אויג,
דאָס גאָלד אַרויס געצויגן.

די ציגיינערן ווינקט געשייט,
מיט כשוף׳דיקע פינגער;
און מיט פאַררייידן די ציין,
מאַכט ס׳שווערע מזל גרינגער . . .

## לילית —

### א

עס האָט אַ פאַרשלעפערונג פאַרציטערט,
פאַרדרימלט די אויגן;
פון דיל האָט אַ שפּין צו דער סטעליע,
איר שפּינוועבס פאַרצויגן.

ווי מיד איז אַ שלאָף צוגעפאַלן,
געקלעפּט אין די אויגן;
אין לענג און אין ברייט, ווי פאַרנעפּלט,
זיך טונקל פאַרצויגן.

נאָר, שפּעט נאַכט, ווי האַלב נאָךפאַר׳חלום׳ט,
געעפנט די אויגן;
אַ גרויליכער פלעק זיך געשאָטנט,
שטאָק-פינסטער פאַרצויגן,

אַזוי האָט מיך לילית פאַרשלעפערט,
פאַרהיפּנאָטיזירט ד׳אויגן;
און זי האָט גערייצט מיט איר תאווה —
און שוואַרץ זיך פאַרצויגן . . .

### ב

לילית צימער איז פאַרהילט,
ווי זיך הילט אין געשלייער —
שטאָטס פוס-בענקעלע ביים בעט,
שטייט אַ שוואַרצער „טעדי-בער".

הענגט אויף פענסטער אַ גאַרדין,
שאָטנט זיך אַריין אַ ליכט;
נאָר, אויף טישעל לאָמפּן צוויי,
וואַרפן שיין אויף איר געזיכט.

לויכט דורך פענסטער און גאַרדין,
שפרייט זיך אויס אַ מאַטע־שיין;
לילית וואַכט און האָרכט זיך צו,
ווער עס קומט דאָ אַנצוגיין . . .

עפענט ס'אַלטע מעשה־בוך,
לייענט „פון טויזנט און איין נאַכט";
און אין לאַנגוויל הין און הער,
מישט די בלעטער און פאַרמאַכט.

בליקט אויף זייגער לילית אויג,
איז די מינוט איר צו לאַנג;
און ווי גראַציעז גלייכט זיך אויס,
מיט די אָרעמס צום עמפּפאַנג . . .

ג

לילית פענסטער מיט צוויי לאַמפּען,
שיינען אַפּ אין הויף;
וואַרט שוין עמיץ, זעט זיי לויכטן,
זינג ער איר אַרויף.

איז באַקאַנט מיט לילית פענסטער,
מיט די לאַמפּן צוויי;
ווען זיי שיינען אין דער פינסטער,
לילית איז דערביי.

פייפט אַ ניגון הינטער פענסטער,
אין דער נאַכט אַריין;
לילית ווייזט זיך הינטער פאָרהאַנג,
ווינקט — זי איז אַליין . . .

שטייט שוין לילית, ווי אין פּלאַטער,
שפּילט מיט שיין פון ליכט;
ציטערט ס'ליכט-שיין אויף די פינגער,
פלאַמיג צוקט ס'געזיכט.

ד

האָט לילית אַ ליכט-שיין געצונדן,
אין מיטן דער נאַכט;
און האָט אין געהיים וועם עמפּאַנגן
און פינסטער געמאַכט.

געפלאַמט האָט איר העלישע תאווה,
געאָטעמט געשווינדט;
באַלד גרייט איז געווען מיט אַנאַנדערן,
צו טאָן מיט די זינד.

האָט לילית אַ שיין נאָך געוואָרפן,
געשפּאַנט אויף שפּיץ-טריט
אַזוי ווי זי וואָלט זיך געשראָקן,
פאַר אַשמדאי זיך געהיט.

און לילית זי האָט זיך געערגערט,
וואו אשמדאי פאַרבראַכט;
האָט זי זיך געהילט אין פייגנבלאַט —
און פינסטער געמאַכט . . .

ה

ווי אַ צנוע ציגט זיך לילית,
אויפן גאַס, צווישן לייט;
שטעלט זיך אָפּ פאַר אַ באַגריסונג,
ערגעצוואו, אין דער זייט.

וואַקסט שוין אוים אַ יונג דערגעבן,
אומגעריכט, הינטער וואַנט;
לילית חן׳דעלט אוים אַ שמייכל,
שפּרייט זיך אוים רונד און ראַנד.

לילית טוט אַ האַנט אים גלאַנגן,
פלעכטן זיך ד׳פינגער איין;
און דעם קאָפּ אין צעפּ פאַרפלאָכטן,
רירט אים אָן הויט און ביין.

גלאַנצט זיך דורך אַן אויג בייביידן,
רוימט אַ סוד איין דערביי;
און דעם יונג ניט אָפּצורייסן,
מיטן סוד צווישן זיי . . .

ערגעץ צו אַ ראַנדעוואו גיין,
אָדער גאַר צו איר הויז?
לילית זאָגט זיך וואו צו טרעפן,
פאַר די פיער אויגן בלויז . . .

ו

לילית קומט ניט צו קיין שכנים,
גיין צו גאַסט, ניט איר געפעלט;
האָט הפּנים זיך פאַרשטעלט,
לילית זאָגט, זי קען ניט קיינעם.

פייפט דער ווינט אויף אַלע דעכער:
לילית זאָגט אַזוי זיך וואָר —
שרייט אַ פּרוי אויף אירע יאָר,
וואָלט געטאָן סם אין איר בעכער . . .

שעלט איר יונג, וואָס ווערט פאַרשווינדן,
מיט נישט גוטע ער פאַרבראַכט —
לילית זאָגט אַ גוטע נאַכט,
האָט זי פיינט זיך אָנצוצינדן . . .

שווערט זיך לילית, זאָגט אַ ליגן —
און זי האַלט זיך ווי באַשיידט;
ס'קען נאָך אַשמדאי פון ווייט,
הערן רכילות און זיך קריגן . . .

ז

לילית אויסזען איז שלאַנק און וואוקס
און דאָס פּנים רונד און דין;
און דער שטערן נידעריג, קליין,
קנייטשט זיך אוים אַ פּיצעל זין . . .

„לעב איך היינט און מאָרגן שטאַרב,
טו איך וואָס איך האָב געטאָן";
און איר נאָז איז פיין געפאָרעמט,
קרומט זיך נאָך אַ בייזער טאָן . . .

לילית פאַר דעם מאָרגן שרעקט
און דער היינט אַרום איר ווינקט;
און וואָס נעכטן האָט געטאָן,
טוט זי היינט אין איר אינסטינקט.

הילט זי ס'נאַקעטקייט, פאַרהילט,
יעדעס שפּרינקל זי פאַרשמירט;
און איר בוזעם הויבט זיך אויף,
מיטן היינט אַרום זיך פירט . . .

ח

אַלע פרעגן ווער איז לילית ?
אַשמדאי — אין איר פאַרליבט —
וואַקסן אוים אַרום גערײדן
און אַ שאָטן איר פאַרטריבט . . .

פאַלבט אַ קנייטשעל איר דעם שטערן
און איר טאַליע בויגט זיך אוים;
זעט דעם פּנים אינום שפּיגל,
ווי דער רינצעל ווערט איר גרוים.

באַלד פאַרטונקלט זיך אין שלייער,
קוקט אַרום זיך אויף איר שפּרייז;
און זי דראָעט די שלעכטע מיילער,
טוט זיי צו להכעים בייז . . .

ט

די פינגער נעגעל שפּיציקדיג לאַנג,
לילית פאַרבט זיי רויט געשניצט;
די אויגן ברעמען, ווי צוגעשוואַרצט,
דין די הערעלעך פאַרפּוצט.

און די צעפּלאָשעטע האָר פון קאָפּ,
אין אַ שיסל צוגעפאַרבט;
ווי גרייט צו פלעכטן פון זיי אַ נעץ,
פאַר איר ליבע ווער עס שטאַרבט.

האָט לילית פאַרן שפּיגל ס'געזיכט,
אירע האָר פאַרקעמט מיט פליים;
צו קומען וועט אַשמדאי צו איר בעט,
איידער נאָך איר לייב ווערט היים.

האָט לילית אירע ליפּען באַשמירט,
פול מיט שמינקע און מיט רוזש;
אַרויף געשפּריצט אויף זיך פאַרפיום,
אויף איר סאַמעט קלייד און פּליוש.

האָט עס צעפלאַמט איר גאַנצענער גוף,
ווי אַ מקוה איינגעהייצט;
און ס'האָט געשמעקט פון איר אַראָמאַט,
אַזאַ לוסט, וואָס מאַנסביל רייצט . . .

י

לילית האָט געשוועבט אין טאַנץ,
אין אַ שלייער זיך געהילט;
ווי אַ ווינט-מיל זיך געדרייט
און דזשעז-מוזיק האָט געשפּילט.

מיט די היפּטן זיך געוויגט
און געשטיפט אין איר באַוועג;
און אַשמדאי ווייט איז איצט,
אין שליחות אויפן וועג.

און אינדרויסן גרוילט אַ קעלט,
איז אין טאַנץ זאָל אַזוי ליב;
הייב אַ פוס מיין קאַוואַליער,
לאָמיר טאַנצן ביזן שטוב.

נאָר, דער טאַנץ זאָל אַזוי גרוים,
טאַנץ בלויז צו צום זייטן טיר;
און אַשמדאי איז איצט ווייט
און מיין היים איז נאָענט פאַר דיר . . .

יא

ס'האָט אַשמדאי היינט אומגעריכט,
אַהיים זיך געאײלט אומגעזאַמט;
געיאָגט זיך איבער שטאָק, איבער שטיין —
דורך שטעג און דורך וועג אומגעצאַמט.

האָט דרויסן געבעט זיך אַ שניי,
געשאָטן ווי ווייט האָט פאַררייזט;
און לילית, זי וועט דאָך מיט שרעק,
דערזען אים אין גאַנצן פאַרווייסט.

האָט אַשמדאַי אַ שוידער געטאָן,
וואָס האָט זיך געקאָפּעט אין שניי;
און לילית די אָרעמס האַלט גרייט
און ס׳בעט איז געבעט אויף פאַר זיי . . .

נאָר, ערשט, ווען זיין שליחות ערפולט,
האָט אַשמדאַי אַ היים זיך געאיילט;
איז שלאָס אויפן ריגעל געווען —
און לילית זי האָט זיך געווײַלט . . .

האָט לילית מיט שפּרונג פון אַ קאַץ,
איר אַשמדאַי דערשמעקט ווי אַ הונט;
דאָס פענסטער געעפנט — פאַרמאַכט —
קען אַשמדאַי שוין קומען אַצונד . . .

נאָר, אַשמדאַי מיטן נאָז האָט געפילט:
איר צימער פאַרוויַיעט האָט אַ קעלט;
געזעען אָן ריגעל און שלאָס:
אַ שד איז געווען אין זיין צעלט . . .

יב

לילית שווערט און לייגט
פאַר איר באַטרוג;
האָט אַשמדאַי געבראַכט,
איר ווײַן אַ קרוג.

און אַשמדאַי גלויבט,
וואָס לילית שווערט;
ווען תאווה און וויַין,
אַז ער באַגערט.

דעם ווייַן פֿון לאָגעל,
גאָר פֿון אַמאָל;
פֿאַר לילית לעבן
ער גיסט אָן פֿול.

אַ באַ׳שותּפֿות-כּוס
ער זויפֿט אַריין;
און לילית אים רייצט,
באַרוישט פֿון ווייַן.

פֿייפֿט ווינט אין קוימען:
די נאַכט נאָך גרויס;
און שדים׳לעך טאַנצן
אַרום דעם הויז.

און לילית האַלדזט אים
די רעשט פֿון נאַכט;
און ביז שפּעטן טאָג,
לאָדן פֿאַרמאַכט.

נאָר, ווען אַשמדאַי לאַנג
אין וועג פֿאַרשווינדט;
הערסט ס׳כראָפּעט לילית,
שלאָפֿט שפּעט אַצונד . . .

## עס בלענט אַ ווייסקייט

עס בלענט אַ ווייסקייט אינם שפּיטאָל,
אַזוי ווייס, ווייס, ווי פרילינג'ס־צווייט;
ווי ווייסע קלייד פון קראַנקן־שוועסטער,
ווי אירע ווייסע שוך און טריט.

הילט איין אַ ווייסקייט יעדן קראַנקן,
ווייס, ווייס, ווי פריש געפאַלענער שניי;
אַזוי, ווי קראַנקן־שוועסטער'ס שמייכל,
וואָס לינדערט יעדן קראַנקנס וויי . . .

באַציט דאָס ווייס די קראַנקן־בעטלעך,
פאַרהילט דאָס ווייס אַמאָל ביים וואַנט;
שיינט שוין אַרויס אַזאַ מין ווייסקייט,
וואָס שרעקט פון תכריכים געוואַנט . . .

## אַ שפּיטאָל בילד

דער קראַנקסטער מאַן אַנדזשעלאָ,
ווי יונג איז נאָך אין יאָרן;
זעט ס'בילד פון זיין ערשט זויגלינג,
ביים קראַנקן בעט אין זכרון.

איז שוואַך דער שיין אַנדזשעלאָן,
פילט בלויז זיין יונג־פרוי'ס טרערן;
דעם פּריסט'ס־געבעט ער מיידט אויס,
זאָל קראַנקנס רו ניט שטערן.

שטייט ס'מאָל־צייט זיינס ניט באַרירט,
פאַרזוכט, וואָס קוים פרימאָרגן;
די קראַנקן־שוועסטער פאַרטרויט:
דעם שרעק פאַר אים פאַרבאָרגן . . .

## אַרום שפּיטאָל די בוימער

אַרום שפּיטאָל די בוימער,
הוידן זיך, הוידן זיך,
שטיל און שטילער פון אַ געבעט —
יעדער בוים שטרעקט זיך
יעדעם קראַנקן בעט,
אַ בליק צו טאָן,
וואָס מען זעט —
און ווי ציטערדיק, ציטערדיק,
נויגט זיך און בויגט זיך
יעדער בוים, יעדע צווייג,
צו איטלעכם בלייכע פּנים,
וואָס בייגקט אַרוים —
וויגן זיך, וויגן זיך די שטילע בוימער,
פרישע היילונג'ס ווינטעלעך צעטראָגן,
דורך די שפּיטאָל פענסטער אַריין;
און ברייגגן אין שפּיטאָל פאַרן קראַנקן:
דעם ערשטן קילן שאָטן און שיין . . .

## אין געלאַסנקייט —

אין געלאַסנקייט ווילט זיך לעבן
און אויסוועבן ס'געשפּין:
פון יאָר, צו יאָר —
זאָל זיך ציען דער פאָדעם
און אויספלעכטן מיין לעבענס-געברויך:
ביזן ענד —
זאָל קיין פלאָנטער ניט פאַרוואַרן,
די רעשט פון מיינע לעבענס-טעג
אין אַ קנויל —

אין געלאַסנקייט ווילט זיך טרוימען
און אויסטרוימען:
מיין ראיה זאָל זיך ניט פאַרטונקעלן,
דורכצוגיין מיין לעבנס-וועג —
זאָל אויך מיין לעבנס-זין,
מיר לויכטן אין זכרון,
ניט צו ווערן פאַרשעמט:
פון עובר-בטל'דיקייט,
ווי אַ פאַראיִרטער זקן . . .

## לעבנס-געבעט

כ'ליב דעם געשמאַקן אָטעם,
ווי דעם פרישן פרילינגס ווינט;
און אין שלאָף, ווי אין וואַך
כ'בענש דאָס אָטעמען געזונט —
האָרך איך צום קלאַפנדן האַרץ
דאַכט מיר — כ'הער אַ געבעט:
נישט קיין אַקסעזשן
זאָלן מיר העלפן ציִען אָטעם,
ווי דעם אַסטמאַ-קראַנקן,
ווען ס'דראָעט ס'לעבן,
יעדער מינוט און רגע —
שטיל, איינטאָניק שלאָגט מיין האַרץ,
ריטמיש הויבט זיך מיין ברוסט,
די לונגן ציִען אָטעם,
אַ לאַנג, לאַנג געבעט,
ס'לענגסטע, ס'שטילסטע:
לעבנס-געבעט . . .

## יעדן טאָג

איך ציטער אויף פאַר יעדן טאָג,
כ׳זאָל ניט די זון פאַרזען;
און איטליכער פאַרזאַמונג שרעקט,
ס׳זאָל ניט, וואָס שלעכטס געשען.

די נעכט, וואָס קומען נאָך די טעג,
זיי הענגען אויף מיין ברעם;
ווי ציטערדיקע חלומות,
זיך קלאַמערן ביי וועם . . .

## מיין בריוו צו דיך —

מיין בריוו צו דיר מיין קינד,
דערציילט דיר אוים מיין האַרץ;
נאָר, ניט אַנטפּלעקט מיין וואונד,
דער ראַנד-אַרום איז שוואַרץ.

וויין אָבער ניט מיין קינד,
פאַרביים די ליפּן שטום;
ווי פּעסט פּרעס צו מיין פּיין,
מיט אַ באַנדאַזש אַרום. -

נאָר, קינד, מיר זיי געזונד,
פאַרגרינגערט דאָס מיין לייד;
און באַלד פאַרגייט מיין וויי,
דיר שיק אַ בריוו מיט פרייד . . .

# מאַמע בעט פאַר מיר

ביזן ענד אַריין ס'געבעט,
האָט פאַר איר געשטאַלט געשוועבט:
ווי אַ מאַמע צום קינד לעבט —
און זי אויפן קראַנקן־בעט:
גאָט! לאָז לעבן מיר,
גאָט! „איך בעט צו דיר".

האָט שפּעט נאַכט פאַרטריבט ס"געבעט,
ווי פאַרענדערט זיך באַוועגט,
ווי פאַרערגערט זיך גערעגט,
צו געשטאָרבענע גערעדט:
מאַמע! בעט פאַר מיר,
„מיין געבעט צו דיר".

האָט איר לעצט געבעט פאַר'צער'ט,
וואָס געפּליסטערט שוין צום ענד:
„ס'איינציק קינד מיינס בלייבט פאַרשעמט —
כ'זע שוין ס'קינד ניט, ס'אויג פאַרשטאַרט —
בלייבט אַ יתום מיר,
בעט איך קינד פאַר דיר" . .

## וועמענס אָנדענק

וועמ׳ס אָנדענק איך טו געדענקן,
קריצט זיך מיר איין אין מיין בּיינקן;
דער טאָג, די שעה זאָל נאָר קומ̇ען,
וועל איך ברייגגן אהינצו בּלומען.

כאָטש לאַנג פון געבּיין ניט געבּליבּן,
דאָך, איז דאָרט דער נאָמען פאַרשריבּן;
וואָס ליבּ איז געוועזן אַמאָל מיט יאָרן —
און קען ניט פאַרגעסן פון זכרון . . .

## קיינעם אין היים

קיינעם, קיינעם אין מיין היים,
קלינגט ניט אָפּ פון קיין שום אָרט;
רייד איך אוים צו זיך אַליין,
ענטפערט קיינער ניט אַ וואָרט.

הערן מיין שטים — שטומע ווענט,
האָרכן צו און שווייגן שטיל;
בּלויז אַן אָפּקלאַנג בּריינגט די נאַכט,
פון חלומות אַזוי פיל . . .

וועקט מיך אויף מיין עלענט האַרץ,
זוכט מיין שטאַרער שטומער בּליק;
נאָר, וואָס נאָענט, ליבּ געוועזן,
קומט שוין קיינמאָל צוריק . . .

## אויף וויסט בערגעל

אויף וויסט בערגעל טרערט מיין טרויער,
זאַפּט זיך איין אין פייכטער ערד;
שלאָגט זיך אָפּ אָן שטיין פון בערגעל,
וואָס אין גרוב פאַרשלינגן ווערט . . .

הער איך ס'ווידער־קול גייט מיר נאָך,
מיט מיין עלענט, וואו איך בין;
קומט צו חלום, וואָס נאָך אַמאָל,
פייכט מיין קישן איך געפין . . .

## ניט איך פרעג

מיין שטובן־שטאַנד אַרום איז קליין,
אַ בעט, אַ שמאָלם פאַר מיר אַליין;
שפּאַרט ענגער צו צום לייב און העמד:
די נאַכט אַרום מיט שוואַרצע ווענט . . .

ווערט שווער, ווי בליי מיין ציטריג־לייב,
דערמאָנט אַ חלום פון מיין ווייב;
ווי שווער און ענג איז איר אַליין,
אַ בערגעל ערד אויף איר געביין . . .

דרוקט מיין געמיט דער שטובן־שטאַנד,
די נאַכט שטרעקט אויס צו מיר אַ האַנט;
ווער ווייסט וואוהין, אויף וועלכן וועג,
זי פירט מיין עלענט, ניט איך פרעג . . .

## קיינער פרעגט נישט

צווישן אַלע מיינע טעג,
גיט נישט קיינער מיך אַ פרעג;
צו מיר לעבט זיך גוט, צו שלעכט,
סיי די טעג און סיי די נעכט.

שווייגט מיין שטוב מיט שטומע ווענט,
גרייכט דאָס שטומקייט ביזן פרעמד;
און דאָס שטילקייט מאָלט וואָס אוים,
דאַכט זיך אַ פאַרלאָזן הויז . . .

ציט מיך ערגעצוואו, דערביי
קלינגט אַ שוואַכער גרוס פאַרביי;
אָ, ווער פרעגט אויף מיין געזונד?
וואו מיין לעבנס-ליד זיך שפינט . . .

## מיין ליכטיק לעמפעל

מיין ליכטיק שטובן לעמפעל,
פאַרשיינט מיר מיין געמיט;
אַ בלאַסע גרויקייט טונקלט,
אין ציטער פון מיין ליד.

לויכט טריב מיין שרייב-טיש לעמפעל,
שפּרייט אוים אַ מאַטן שיין;
דער שיין פון פלעמל ציטערט,
מיר דאַכט — דאָס בין אַליין . . .

דאָך, ליב מיין נאַכטיק לעמפעל,
באַלויכטן קען אַ גרוב;
עס וואַרפט אַ שיין אין שאָטן —
ווערט היימלעך אין מיין שטוב . . .

## מיין געבעט

איך האָב קיינעם צו ווענדן מיין געבעט
רייד איך זיך אויס אַליין;
צו דעןֹ, רירן וועט דעם שטיין, צו דעם ברעט ?
וואָס פילט קיין פרייד און פיין . . .

צוטייל איך מיין גורל, וואָס צי אַרוים,
נעם עס פאַרליב אַליין:
און דאָס איבעריגע רייד איך ניט אויס,
פאַרשטיק ס'געבעט אין פיין . . .

## — אין דיין גורל

שאָטנדיקער, טריבער לעבן,
אין דיין גורל איך פאַל אַריין;
ווי די נאַכט אין שאָטן ווינקל,
אַזאַ שלייער, אַ, הילט מיך איין.

טונקלן מיינע טעג די טריבע
און די נעכט, וואָס פאַרע געמעל;
זעלטן ווען דערמאָנט אַ חלום,
וואָס געשיינט אַמאָל אין מיין זעל.

שאָטנט זיך מיין אייגן ווינקל,
ווי מיין לעבן וועלקנדיק-גרויט;
שרעקט זיך וואָס, מיין ציטריג וועזן,
וואָס אָן גורל זיך אָנפאַרטרויט . . .

## גאָר נישט האַרבסטיק

גאָר נישט האַרבסטיק ווילט זיך טראַכטן,
ווי בוים און וואַלד גאָר נישט קלערן;
וועל איך פרילינג אפשר בליען,
ווי בוים און וואַלד וועל איך ווערן?

ווילט זיך ווינטער גאָר נישט זאָרגן,
ווי גאָט אָן וועלט גאָר נישט קומערט;
וועל איך זומער אפשר שיינען,
אָ, נישט אַזוי טריב פאַראומערט . . .

ווילט זיך האַרבסטיק גאָר נישט קלערן,
די פייכטע ערד איז פון אונטן;
וועט דען נישט די ערד מיין וועזן,
מיט שטויב און גרוב צענויף גרונטן?

## אַז דער פרילינג —

אַז דער פרילינג ברייננגט דאָס בליעכץ,
קומט דער זומער ברייננגט דאָס בריעכץ;
שמעקן בלעטלעך פון ליפּאָווע,
וואַקסט דערנעבן אויך קרעפּאָווע.

שמעקט דער פרילינג פון די בייטן,
שטעכט אַ דאָרן שוין פון ווייטן;
גאָר, דאָס ווילד גראָז מוזט אויסרייסן,
קען דעם לייב די הויט צעבייסן . . .

דאָך די שענסטע בלום פון דאַנען,
קומט דער האַרבסט און טוט פאַרוויאַנען;
אַלץ אין גאָרטן וועט ניט ווערן
קומט דער ווינטער צו פאַרצערן . . .

## פּיער-צייטן —

ווינטער, פרילינג, זומער, האַרבסט,
דורך פיער-צייטן פונם יאָר;
שפּין איך אויס מיין לעבנס-טרוים,
פון אַ חלום ביזן וואָר.

חלום איך אַ לעבן לאַנג,
יוגנט, עלטער ביז באַשייד;
אַנדערש איז פון מענטש דער בוים,
לעבט אויף פרילינג, זומער-צייט.

בליט דער גאָרטן גאָר אויפסניי,
אָן אַ גרעזל גראָ און ווייס;
נאָר, דער מענטש איז פול מיט נייד,
ווערט ער גיך אַ גרויער-גרייז . . .

## אויך מיר אַ לעבן

אויך מיר אַ לעבן, וואָס צו שאַנעוועץ,
פון צענדליגער דאגות געמוטשעט;
און וויפיל איך זאָל ניט אויספּלאַנעוועץ,
דערפיל איך אַ פּיין, וואָס דאַקוטשעט.

פאַרזע איך מיך אַליין אין אַנגעזיכט,
פון וועלט דאָס געיאָמער צו הערן;
און וואָס זאָל ניט טרעפן מיר אומגעריכט,
גאָר גרינג זיך אַליין קען אַנווערן . . .

## זיס איז דער שלאָף

זיס איז דער שלאָף פון מיין אָפּרו,
וואָס איך פאַרשווענד אין מיין אומרו;
וואו איז אַ פרישער קוואַל פאַראַן?
דער לעבן שעפּט אויס זיך פון קאַן . . .

דאַכט מיר מיין האַרץ ווי זיך באַוועגט,
זענט אונטער ס׳לעבן, איבערזעגט;
זאָל פּאָמפּען כאָטש דאָס האַרץ פריש בלוט —
ווען מאַכטלאָז ווערט מיין לעבנס-מוט . . .

## מיין לעבנס־אָטעם־צוג

מיין לעבנס-אָטעם-צוג,
צו האַסטיק לויפט גענוג;
און נישט איין זיפץ פאַרגייט,
אין אָטעם-צוג פאַרוויילט.

און זיפצען ווערן שווער,
ווי ס׳אויג רינט אויס אַ טרער;
און איטליכע סעקונד,
וואָס פיבערט אויף מיין וואונד . . .

נו, וויפיל איז גענוג?
צו האַסטיק לויפט דער צוג;
און מיינס און וועלט׳ס געקלאָג,
צו ווען ענען דערטראָג? . . .

## אין מיין וואוינונג —

אין מיין וואוינונג, וואוינט ניט קיינער,
נאָר איך איינער;
גייט ווער נאָך אין ווען געראָטן,
זעלבער שאָטן . . .

אין מיין טיר עם קלאַפּט ניט קיינער,
ניט קיין איינער;
בלויז דער זייגער שלאָגט די שטונדן,
וואָס פאַרשוואונדן . . .

האָט פאַרוועלקט מיין העלפט פון גאָרטן,
וויסט איז דאָרטן;
בלויז אַ בילד אין שוואַרץ ראַם טונקל,
הענגט אין ווינקל . . .

עפען איך מיין טיר פון צימער,
שיינט מיר אימער:
צווייטער העלפט פון גאָרטן־לעבן,
וועלקט דערנעבן . . .

## אַוועק איז מײַן גערטנער

אַליין אין מײַן צימער,
נישטאָ צו וועם צו רײדן;
שרײַב איך די רייד אויף פּאַפּיר,
נאָר, ווי ס'געמיט איז בײַ מיר,
מײַן ווייניגקייט באַשיידן:
באַקלאָגט זיך מיר אימער.

אַוועק איז מײַן גערטנער,
פיל איך אויף לײַב דעם הוילן,
ווי מײַן גאָרטן וויאַנעט —
וואַקסט דען הינטער גראַניט?
בלויז גערטנער'ם בײַנער פוילן,
פאַרצייכנט מיט ווערטער . . .

אַליין אין מײַן וואוינונג,
ווי אומהיימלעך איז ס'לעבן;
פאַרשאָטנט און פאַרגרויט,
פאַרקנייטשט ביזן דער הויט,
אַזש פאַרוואָרלאָזט ס'קען געבן,
ניט קיין געזונט־שוינונג . . .

## איך האָב געדרופן

כ'האָב געדרופן, ווען געדרופן,
ביז געטאָן מיין ווײ פֿאַרשטומען;
האָט אַ ווינט געקלאַפּט אין פֿענסטער,
כ'בין געקומען, בין געקומען.

כ'האָב געשראָקן, זיך געשראָקן,
פֿון מיין עלענט וועל שוין זינגען;
האָט אַ הונט ביים קייט געוואָיעט:
בלויז דעם פּלויט, ווען איבער שפּרינגען.

האָט געדאַכטן, זיך געדאַכטן,
כ'הער ביים טיר דעם הונט זיך דראַפּען;
איז געווען אַ בלודנע קעצעל,
וואָס געטאָן מיין שטים אויפֿכאַפּן.

האָט געמאַלן, זיך געמאַלן,
וואָס די מעשׂות אַלץ דערציילן;
האָט גענומען קעצעל מיוקן:
מיט איר עלענט וויל זיך טיילן.

כ'האָב אַ דרימל, איינגעדרימלט,
זיך געוועקט, ניט צו פֿאַרשלאָפֿן;
האָט אַ וואָלקן זיך געקליבן,
איז זיך אויג אויף אויג פֿאַרלאָפֿן . . .

איך האָב געהאַרכט, זיך איינגעהאַרכט,
יעדן פּוס-טריט, קרומען, לאָמען;
האָט געקרעכצט מיין קראַנק-געלעגער —
און די נאַכט איז אָנגעקומען . . .

## מיין זון פאַרבלייכט

איך גיי, ווי ניט אויף מיינע אייגענע טריט,
ווי איינגעשלאָפענע פיל איך זיי אין באריר;
און ווי מיט שפּילקעס שטעכן זיי דעם שפּאַן, וואָס טרעט —
און וואַקל זיך ווי אַ שכּור פאַר דער טיר.

דאַכט מיר, אָט־אָט איך טו אַ פאַל אַוועק
און ס'רענצעל אין מיין האַנט, וואָס טראָג פאַלט מיט;
עס טוט אַ פּראַל אויף מיין אָרעם ביסל האָב,
ווערט אַן אָנגעלויף ביים געפאַלענעמס טריט.

עס וואַלגערן זיך שלייקעס און קאַראַוואַטן
און די גאַל־מעסערלעך אויף הוילע ערד;
דאַכט מיר, דאָס בלוט האָט וואָס אַ שפּריץ געטאָן
און אַלץ פאַרפלעקט, וואָס האָט ניט מער קיין ווערט.

איך הער דאָס טרובן פון ווייט, ווייטן אָפּקלאַנג,
ביז ס'האָט אַן אַמבולאַנס אַהער דערגרייכט;
פיל איך מען טראָגט אויף סטרעטשערס מיין שלאַפן גוף —
און ווייט ביים ראַנד זע איך מיין זון פאַרבלייכט . . .

## מיינע ווענט

מיינע ווענט דאַרפֿן קיין אויערן,
זיך איינצוהאָרכן ווי לאַנג;
שטיל, ווי מען שטעלט זיך אויף די נעגעל,
שפּיצט זיך אויף ס'אויער צום קלאַנג.

פֿילט זיך אַ שטילקייט, ווי אַ שאָטן,
ציטעריג שוועבט אויף די ווענט;
שווייגן אַזוי מיינע רעיונות,
וואָגלען אום, ווי אין דער פֿרעמד . . .

ווילט זיך מיין עלענט צעטראָגן,
ווי ווייט ס'געפֿינט זיך אַן אָרט;
דאָ, דאַכט זיך אַלצדינג האָט אויערן,
אַפֿילו מען הערט ניט קיין וואָרט . . .

## ווי די יאָרן —

ווי די יאָרן, לויט די יאָרן
קלאַפּט דאָס האַרץ און זיך באַוועגט —
נאָר, וואָס לויפֿט מיין האַרץ איצט פֿלינקער,
גיכער ווי אַ ציטער רעגט.

לאָזט מיין האַרץ זיך צופֿיל הערן,
ווי מיר פֿיבערט לייב און זעל —
נאָר, וואָס לויפֿט מיין האַרץ נאָך פֿלינקער,
איידער נאָך דעם שפּאַן איך שטעל.

זאָל זשע האַרץ זיך לאַנגזאַם גייען,
ווי געגאַנגען איז עס פֿריער —
נאָר, וואָס לויפֿט מיין האַרץ אַלץ פֿלינקער,
קוים די פֿיס זיי טראָגן . . .

## טריט —

טריט געמאָסטענע,
שפּאַן איך אין וועג;
לעבנס-מיד פאַרזאַם,
נעכט מיט די טעג.

קירצער ווערט דער שפּאַן,
קלענער דער טריט;
דאַכט מיר אַט איך גיי,
ווי קינד'ס אַ שריט.

שרעקט מיך אַט דער גאַנג,
זאַם זיך ביז שפּעט;
ווי גרייז-גרויען'ס שריט,
זיכער ניט טרעט . . .

## איינזאַם לעבן

איינזאַמדיג לעבן,
עלטערט זיך פרי;
האַרבסטיג זיך שלייערט,
ווינטער רוקט צו . . .

גרייז-גראָ זיך שאָטנט,
שפּיגלט זיך טריב;
נאָך די קאָליערן,
וואָס איז שוין ליב? . . .

שלאָגט אָפּ אַן אומעט,
הין-הער אַן טריט;
ס'מויל ווי פאַרשלאָסן,
שווייגט ווי ס'געמיט . . .

## ס'וועט אפשר אַ בריוו פֿאַרבלאָנדזשן

ס'וועט אפשר אַ בריוו צו מיר פֿאַרבלאָנדזשן,
פֿון אַ כלומר'שטן פֿריינט;
אַ, ער שרייבט ערשט, האָט איצט געהערט אַזוינס,
וואָס געטראָפֿן דיר היינט.

נאָר, דאָס איז שוין לאַנג, לאַנג פֿאַרגעסן געווען,
צו וואָס זיך איצט דערמאָנט;
און ניט געריכטערהייט דעם פֿריינט צום מאָל,
איך וואָלט שוין ניט דערקאָנט.

ס'וועט אפשר אַ בריוו אַזאַ פֿאַרבלאָנדזשן,
אַמאָל אויף נאָכן טויט;
נאָר, וועט דער בריוו נישט טרעפֿן מיין געביין —
וועט אַ גרויל טאָן וועם'ס הויט . . .

## קיינער וואַרט ניט פֿאַר מיר

איך האָב געלאָזן הינטער פֿאַרשלאָסענער טיר,
דעם קאַלטן אויוון און די שטומע ווענט;
און זיך אַרום געדרייט מיט מיין עלענט,
האָט קיינער ניט געפֿרעגט אויף מיר.

ביים הויז האָט אַפֿילו ניט קיין הונט אויף מיר געוואַרט
איז ווען איך קום, איז קיינמאָל ניט צו שפּעט;
איך פֿרעג שוין ניט, ווען עמיץ מיך פֿאַרזעט,
צי, ווי אַ שאָטן ערגעץ זיך פֿאַרשאַרט . . .

וואַרט קיינער ניט פֿאַר מיר און קלאַפּט ניט ביי מיין טיר,
צעצינד איך פֿייער, ביסקל זיך צעברענט;
דאַכט מיר, איך הער אויך ציטערן די ווענט,
נאָר, וואָרעם קלאַפּט דאָס האַרץ ביי מיר . . .

## ווי פריי וואַלט געווען

איך פיל גרינג און שווער,
ווי ס׳געזונט מיר דינט;
נאָר, ניט, וואָס אין טרוים,
דאָס אין וואָר זיך שפינט.

פאַל איך, ווי אַ שטיין,
ווי מיד בין פון יאָר;
שעפּ איך פון רו־טאָג,
כוחות אויף אַ וואָך.

הייב איך מיך אויף גרינג,
שוועב איך אין מיין טרוים;
ווי פריי וואַלט געווען,
קיין צאַם און קיין צוים . . .

## וועלכער זוניקער שטראַל

כ׳וויל מיט אייגענער האַנט,
מיר אויפרוימען ס׳געמיט;
און זיין ווי יונג אומשטאַנד,
גרינג אַ שפּאַן טאָן דעם טריט.

נאָר, וואָס וויגט זיך מיין גאַנג,
ווי אַן אַלטע מאַשין;
אַן צו וואַקלט זיך לאַנג,
לויזע־שרויף הער און הין? . . .

שרעקט מיך אָט דער צעפּאַל,
צו בעפאָר דער אָפּשטעל —
וועלכער זוניקער שטראַל,
גיט לאַנג לעבן דער זעל? . . .

# די וועלט האָט אַ קיום

די וועלט האָט אַ קיום,
דאָס לעבן אַ טרוים;
די צייט פּטר'ט אָפּ,
און אָנדענק בלייבט קוים.

פון בוים פאַלט אַ בלאַט,
פון מענטש פוילט ס'געביין;
איינס קערט אָפּ דער ווינט,
איינס דעקט צו אַ שטיין.

דער מענטש, ווי דער בוים,
צו פון ברעט אַ שפּאַן;
וואָס האָט בלויז אַ ווייל
אַ פלעמל געטאָן . . .

דאָס לעבן, ווי גלאָז,
צו זאַמדיקער שטויב;
וואָס גיט בלויז אַ בלישטש,
אַ שיין דורך אַ שויב . . .

די צייט פּטר'ט אָפּ,
זעגט אונטער דעם בוים;
און וואָס עס פאַרשווינדט,
געווען איז אַ טרוים . . .

## לעבן און טויט

וואו ס'לעבן איז קרום,
דער טויט מאַכט עס גלייך;
און אָרעם, ווי רייך
האָט אייגענעם גרוב —
נו, ווער פעלט אַ שטוב? . . .

טויט הערשט אומעטום,
וואו ס'לעבן זיך יאָגט;
דער טויט זיך ניט פּלאָגט,
זאָרגט גאָר ניט דער טויט -
אָ, ווער זאָרגט אין נויט? . . .

וואו ס'לעבן איז דום,
טויט הערשט אין דער וועלט;
דעם טויט גאָר ניט פעלט,
מעג גרוב זיין ווי קליין —
נאַר, ווער וויל אַלץ מיין? . . .

וואו שלעכטס איז אַרום,
דעם טויט נישט פאַרמיידט;
ער קאָסעט און שניידט,
שילט ס'לעבן — דער מענטש,
דעם טויט, וואָס ער בענשט . . .

## פֿאַראַן אַזאַ זאַך

פֿאַראַן אַזאַ זאַך,
וואָס ווייס ניט אַליין:
פֿון טאָג, וואָס איך לעב,
צום טאָג פֿון פֿאַרגיין.

ניט זיכער דעם שפּאַן,
וואָס אומרו איך טראָג:
צו דורכגיין אַ יאָר,
צי קוים גיין אַ טאָג?

וואָס פּלאַן איך צו גרויס,
דעם אויספֿיר ווער ווייס?
צי אָפּגיין אַ מייל,
צי קוים טאָן אַ שפּרייז?

די יוגנט איז וואויל,
דערפֿון גאָר ניט טראַכט,
די עלטער אַט קומט,
צע'חלום ביי נאַכט . . .

## וואָס שפּיגלט זיך מיר

איצט בין איך אַליין,
מיט מיר איז באַנאַנד:
אין שפּיגל דער שיין,
דער שאָטן ביים וואַנט.

נאָר, גרוי, אויסגעבלייכט,
וואָס שפּיגלט זיך מיר?
אַ שאָטן אומשלייכט,
דערגרייכט צו דער טיר.

איך הער דאָך אין שפּאַן,
ווי סקריפּעט אַ וויי;
ווער נאָך איז פאַראַן,
וואָס שפּרייזט דאָ פאַרביי?

גייט ס׳טרויעריגקייט נאָך
מיין עלענט ביים זייט;
און ס׳לעבן פון יאָך,
צוזאַמען באַגלייט . . .

## חשבונות —

דער חשבון פון לעבן
עס בלייבט אמאָל קלעמען;
און חשבון הנפש —
אמאָל טוט פאַרשעמען.

ווער גיט זיך אָפּ חשבון,
דעם טויט קען ניט מיידן;
און וידוי־מתודה,
וואָס העלפט ביים צעשיידן?

ווי ווייַ דאָס באַדויערן,
ווען ס׳קבר איז אָפן;
דאָרט הינטער אַ פלויט איז,
אַ שרץ געלאָפן.

פאַראומרייניגט ס׳קבר,
אַ נבלה פאַרגעבן —
צו האָט עס אין זינען,
דער מנוול ביים לעבן?

# איך גרייט אָן

איך גרייט אָן בײם לעבן,
וואָס אַלץ איך קען קריגן;
אַ מצבה צוקאָפּנס,
אַ קבר צו ליגן.

דאָס וועט מיר דערמאָנען,
דערגאַנצן דאָס לעבן;
די וועלט צו געדענקען,
דאָס קבר דערנעבן.

ביז וואַנען דער חלום,
וועט זײַן אויסגעשפּינען;
די וועלט ניט פֿאַרגעסן,
דאָס קבר אין זינען.

דאָס היט אָפּ פֿון רשעות,
טוט גאוה אויסמײַדן;
דעם טויט מיט דעם לעבן —
געדענק איך זײ בײדן . . .

## דאָס וואָרט

יעדעס וואָרט זאָגט זיך אָפּ,
ווי ביים ענד, וואָס צעשיידט;
נאָר, פון מויל צו מויל גייט,
קלינגט דאָס וואָרט מיטן טראָפּ.

לעבט דאָס וואָרט איבער ווער,
חזר'ט זיך ניי-באַלעבט;
נאָר, ווערס גייסט דורכגעוועבט,
קריגט דאָס וואָרט נייער שטים . . .

שאַפט דאָס וואָרט נייעס זין,
ערשט ווי פריש אויפגעוואַכט;
נאָר, ווער'ס מוט מיטגעבראַכט,
וואָס באַלעבט ס'האַרץ דערפון . . .

## הייליקע רייד

כ'וויל ניט צייכענען מיין פען,
אויס הייליקע רייד;
ס'קען אַ שטריך אַ פאַרבלענד טאָן:
אָן אַלט נאַרישקייט . . .

טרעפט זיך חלילה צעמישט,
צו מטושטש, צעררדרייט;
שטרייכט אויס דעם אומזין פון שריפט,
ניט פשט'עלט די רייד . . .

איך וויל ניט מיך סותר זיין,
ביז לעצטן אָפּשייד;
וואָס אַ לעבנס-לאַנג באַהיט,
קיין פאַלשעס ניט בייט . . .

## מיט אומרו אין האַרץ

מיט האַרץ אומרו אָטעמט ס'לעבן,
אָבער נישט מיט זעלבן אומרו,
שלאָגט דער פּולס-שלאַג פון יאָר, צו יאָר,
אין דער יוגנט האָרכט דען ס'אויער:
צום האַרץ?
ס'האַרץ קלאַפּט אין רעגעל,
ברויכט ניט יאָגן,
ס'האָט צייט:
אַ גאַנץ לעבן צו שלאָגן —
מיט דער עלטער,
ס'האַרץ קלאַפּט פלינקער,
ווי, וואָס איילט זיך,
ניט צו פאַרזאַמען —
כאַפּט זיך די האַנט צום האַרץ,
שרעקט דאָס האַרץ קלאַפּעניש,
ווען אַלע גלידער גלוסטן לעבן —
נאָר, ווער האָט קיין האַרץ ניט,
וואָס דראָעט זיך אָפּצושטעלן?
אין דער וועלט'ס אייביקער אומרו . . .

## די קאַלטע האַנט

מיין היים, מיין היים!
מיין ניט באַהייצטע שטוב,
שטרעקט אוים צו מיר,
איר קאַלטע האַנט;
נעמען קאַלטע ווענט מיך אַרום,
ווי מיטן שוידער פון גרוב.

נישט אויסגעטאָנערהייט,
איך פֿיל די קאַלטע האַנט,
נעמט מיך אַרום
ס'קאַלטע געלעגער ביים וואַנט;
כ'וויקל מיך מיטן צודעק איין,
ווי אַ קנויליקער שלאַנג;
אָ, איך פֿיל די קאַלטע האַנט!
וואָס קורטשעט מיך צענויף —
אַ ציטערדיקער קלאַפּען די ציינער,
אַ גרויליקער ברעכן די ביינער,
ציט דער אָטעם אַ פּראָסטיקן בראַנד,
שרעקט אַזוי די קאַלטע האַנט...

## איך הייב אָן אויפֿסניי

וואָס איך זאָל נישט ענדיקן?
הייב איך אָן אויפֿסניי,
די וועלט דרייט זיך אויפֿסניי,
ווי אין אָנהייב, איז אין מיטן,
אַרום און אַרום נישטאָ קיין ענד —
געהער זיך וועלט ניט אָן מיט סוף,
געהער זיך סוף ניט אָן מיט גייסט
און נאָך אַ שלום קומט אַן אָנפֿאַנג —
נאָר, דער לעבנס־ענד,
רייסט איבער אין מיטן —
גילט שוין מער ניט קיין אויפֿסניי
און אָן אויפֿסניי, איז קיין אָנהייב
און אָן אַן אָנהייב,
איז אין גאַנצן אַן ענד...

## אויפֿן גראַניט שטיין

איך וועל מיין ליד אויף גראַניט שטיין אויסקריצן,
עס וועט קיין אות דערין ניט פֿעלן;
און וועל אַליין אַן רום און אַן רעקלאַמע,
דאַמיט אַ מצבה פֿאַר זיך שטעלן.

נאָר, ווער ס'זאָל ניט פֿאַרביי גיין פֿאַר דער רייע,
וועט דאָרטן זיך אָפּשטעלן לייענען;
וועט ווערען זיך איינקריצן, ווי אַ צייכן,
פֿון אַלע מיינע לעבנס פּיינען.

כ'זאָל נאָר אַליין קיין פֿרעמד אויג ניט אָנטרעפֿן,
עס קאָן נאָך עמיץ ווערן פֿאַרשעמט;
אַמאָל, אַמאָל אַליין זיך דאָרט אָפּשטעלן,
אָנשפּיגלען זיך אין מיין מאָנומענט . . .

## אין מאָנומענט־הויז

אינם מאָנומענט־הויז פֿון מצבות,
שטייט זיך אַ שטיין, ביי אַ שטיין;
גרויס, ווי פֿאַר אַ ריז, איז דער דענקמאָל —
און דער פֿאַר אַ קאַרליק איז קליין.

שטייט זיך פֿראַסט, אָט דער שטיין אָפּגעהאַקט —
און דער איז געשליפֿן, פּאָלירט;
און די אותיות גלענצן, ווי מיט גאָלד —
און די שיינען מיט קאַלך געשמירט.

פֿאַסט זיך זעלטן ווען מען וועזן צו,
שפּיגלט בלויז אָפּ אָרעם און רייך;
און די גאָלד'נע אותיות פֿאַר געלט,
קריגט מען מיטן דענקמאָל צוגלייך . . .

## אָן אַנגסט —

עס קען מיין האַרץ פאַרגיין
און איינער זיין אַליין;
כאָטש אָפען לאָזן וועל די טיר,
קען קיינער ניט באַשיצן מיר.

קען סוף זיין אומגעריכט,
אָן אַנגסט אין אַנגעזיכט;
סיי אָפענערהייט אַרום מיר,
סיי הינטער אַ פאַרמאַכטער טיר.

אַ, וואָס אַזוינס איך טראַכט,
מעג ווער זיין, ווי פאַרמאַכט:
מיט זיבן שלעסער אויף די טיר,
דער טויט זיי עפענט מיט אַ ריר . . .

## — חשבון —

פון אַלע מיינע לעבנס־טעג,
איך גיב אַ רעכענונג זיך אָפּ;
און יעדן צווייפל, וואָס איך פלעג,
אויף יעדן רים געמאַכט אַ קנופּ . . .

וועגט לייב און לעבן אויפן פונט,
נאָר, וויפיל זאָרג דערביי איך טראָג;
צו גייט אין חשבון פון געזונט,
צו וועגט זיך ניט דאָס אויפן וואָג ? . . .

נאָר, ענדע חשבון שווינדט פאַרביי,
דעם מענטשנס לעבן, וואָס איז קליין;
וועגט לייב און לעבן, ווינד און וויי,
וואָס פאַלט אַנידער, ווי אַ שטיין . . .

## לעצטע שיידונג ווערטער

די לעצטע שיידונג ווערטער,
אַ,ווען, ווער ווייס צו זאָגן?
די קעל, זי ווערט פאַרשלאָסן,
ווען האַרץ הערט אויף צו שלאָגן.

ווער ווייס זיך פאַרצוברייטן,
ווען לעצטע שעה קען טרעפן?
דער שיין ער ווערט פאַרלאָשן
און אויגן־בליק פאַרלאָפן.

ווער ווייס די וועלט צו לאָזן,
אַ גוטן נאָמען אַרבן;
ווי שיין איז ווערט צו לעבן —
איז ווערט אויך שיין צו שטאַרבן.

## אויף הינערשע פיסלעך

אויף הינערשע פיסלעך שפּרייזט זיך די עלטער,
ווייזט זיך מיט אַ שטעקן אין האַנט;
דער טריט ווי געלאָסן לענגער זאָל דויערן,
די צייט, וואָס דורך לעבנס־וועג שפּאַנט.

אויף הינערשע פיסלעך האַלט זיך די עלטער,
אַ האַנט מיט אַ שטעקן זיך גייט;
ווי פּאַמעלעך לעבן נישטאָ וואָס צו איילן,
אָפּצו׳פּטר׳ן — די וועלט האָט צייט . . .

## אַש און שטויב

אַש און שטויב, אַש און שטויב,
שווער איז צו דעררוימען;
אַלץ ווערט גראָ, אַלץ ווערט אַלט,
לאָזט זיך אוים דאָס טרוימען . . .

אַש און שטויב, אַש און שטויב,
פּלעדערווישׂ, טו קערן;
שרעקט אַזוי מיין געשטאַלט,
גראָ און אַלט צו ווערן . . .

אַש און שטויב, אַש און שטויב,
אויסגעבּרענטע חרובֿע;
לאָזט אַזוי טריב מיין האַרץ,
אַן אַ פלאַם פון ליבע . . .

## דער לעצטער בלאַט

דער לעצטער בלאַט פון לעבן,
איז אַן אָפן בלאַט צו לייענען:
אַ שטיין אַן אויפגעדעקטער,
וועט אויף וויסטן בערגעל שיינען.

צוקאָפּנס — אַ פּה־נקבר,
צופוסנס — אַן אייביק רוען;
אַמאָל דאָרט קלאָגט אַ ווערבע —
און אַמאָל דאָרט קומען קראָען . . .

דער לעצטער בלאַט פון לעבן,
איז אַן אָפן בלאַט צו לייענען;
אויף מצבה — ס'בלאַט זיך ענדיקט —
וואָסער נאָמען קען אָפּשיינען? . . .

## — מיין פאַרמעגן

אָ, איבער מיין פאַרמעגן,
וועט קיינער זיך ניט קריגן;
קען אַרבן מיינע לידער
און זוכן זיך אַ ניגון.

געפעלט ניט וועם צו זינגען,
געפינט זיך וואָס צו זאָגן;
און איבער מיין ירושה,
וועט קיינער זיך ניט שלאָגן.

און פולע שראַנק מיט ביכער,
צו דאַרף זיי עמיץ האָבן;
פאַרשרייב איך אין צוואה:
טאָר ספר ניט באַגראָבן.

און איז נישטאָ פאַר וועמען,
די ביכער זאָלן שיינען;
אַ טויזנסטער וועט קומען,
אַ נייער דור וועט לייענען . . .

# אינהאַלט:

## לידער פון אַרום זיך

## פאַרשידענע לידער

## לידער אויפן שייד־וועג

## אויסבעסערונג

זייט 36 שורה 13 דארף זיך לייענען:
איינס אין קרעיפ - שווארצן

זייט 83 שורה 11 דארף זיך לייענען:
יעדע מינוט און רגע

זייט 86 לעצטע שורה:
קומט שוין קיינמאל ניט צוריק.

זייט 97 לעצטע שורה:
קוים די פיס זיי טראגן מיר.

* *
*

דער תמצית פון מיין ארעם וועלטעל,
פארצייכן איך אין פאראגראפן;
מער שלעכטס — איידער גוטס האט גאט באשאפן —

* * *

דער פלאם פון לעבן,
ציט זיך צום ערשט ביזן הימל:
און צאנקט צוריק צו דער ערד:
— ווי א פלעמל —

* * *

דאס לעבן איז אלץ מיטאנאנד,
א לייטער ביי דער האנט,
וואס שטאפעל־ווייז גרייכט מען
צו א העכערן שטאנד —

* * *

צווישן געבורט׳ס־ווייען,
ווערט געבוירן ס׳לעבן —
צווישן טראכטונג און געדאנקי
ווערט געבוירן ס׳ווארט —

* * *

דער מענטש, וואס זוכט זיך
און קען זיך ניט געפינען,
איז ווי א טרוים,
וואס לאזט זיך ניט אויסשפינען —

* * *

דער טייך שפּיגלט זיך לויט דעם וועטער,
דער בוים שיינט לויט זיינע בלעטער —

* * *

ווער עס זיצט אויפן הויכן שטאַפּעל,
געדענקט גאַר נישט דעם ערשטן טרעפּעל —

* * *

הינטער זיבן טויערן קען מען זיך אויסבאַהאַלטן,
הינטער זיבן שלייערן קען מען זען די געשטאַלטן —

* * *

ווי ס'פּאַסט זיך ניט יונג צו אַלט,
אַזוי פּאַסט זיך נישט צו יעדעם געשטאַלט —

* * *

וויפיל אומגליק דער מענטש זאָל ניט דורכלעבן,
מוז ער אַלץ אויפסניי צום גליק שטרעבן —

* * *

ווען דאָס לעבן גייט נישט ביים גלייכן,
קען נישט העלפן אפילו דעם רייכן —

* * *

ווען ס'לעבן ווערט וואַכעדיק,
טראַכט זיך גאַר ניט יום־טוב־דיק —

* * *

דער מענטש׳ וואָס קען צו זיין נשמה זיך צוהערן,
קען זיין גייסט צום געדאַנק אַ פאָרם ווערן —

* * *

באַגייסטערונג קען אַמאָל אַזוי דערהייבן,
אַז נאָר אַלעמענס לויבן:
בלייבסטו פאַרגעסן, ווי הינטערן אויוון — —

* * *

פאראַן מענטשן, וואָס ריידן גיך
און ריידן פלינק אַרום זייער נאַרישקייט,
און פאראַן מענטשן וואָס ריידן געלאַסן
און קענען זיך קיין מיינונג נישט פאַסן —

* * *

אַמאָל האָט דער עם־הארץ געבלעטערט
און געמישט די ספרים —
היינט בלעטערט דער עם־הספר
און מישט די קאָרטן —

* * *

אַן אָרעמאַן און אַ רייכערמאַן,
זיינען, ווי אַ באַרג און אַ טאָל;
גלייכן זיך נישט אוים קיינמאָל —

* * *

איינער, וואָס קוקט מיט פאַרגלאַצטע אויגן:
אויף גלות־השכינה,
קען אַזוי אַפּנאַרן אַ וועלט:
מיט זיין פרומע מינע —

* * *

וויפיל נאַרישע גלויבן
אין אַלערליי זאַבאַבאָנעס:
און אַלערליי שאַרלאַטאַנעס,
זיינען די שמשים פון אויבן —

* * *

פונם וויגל ביזן קבר — קומען גאָט'ס־שמשים,
הייליקן דעם נאָמען — לויט דער מטבע —

* * *

וויפיל גלויבן ס'איז פאַראַן אויף דער וועלט,
אַזוי פיל צוטרויען דערצו פעלט —

* * *

וואָס בײַ איין פאָלק איז פרום,
איז בײַ אַ צווייט פאָלק דום —

* * *

פאַרן רייסטער — זיינען שטות'עררייען
אויף אַ סחורה אַנצופולן דעם טייסטער —

* * *

אַלטע נאַרישקייטן,
זיינען אַ גאַנגבאַרע סחורה —

* * *

פון טויזנטער נאַרישקייטן,
קען מען נאָך נאַרישער ווערן —

* * *

איין חכמה צווישן טויזנט שטות'עררייען,
קען אויך פאַרפירן — :
מען קאָן נאָך מיינען אַלץ איז חכמה — —

* * *

דער דענקער גריבלט זיך אין זיין טעאָריע,
דער טעאָלאָג — איבער אַבער־גלויבן —

* * *

דער מענטש, וואס האט אין דיר ס'גלויבן,
קענסטו פירן אין באד אריין הינטערן אויוון —

* * *

א פאלשע טעאריע, וואס איינער פשט'עלט אויס,
איז אזוי ווי נארישע „הויריעס און בויריעס" —

* * *

יעדער גמרא־קאפ — אויב ער דענקט נישט גלייך,
דרייט ער א ספאדעק —

* * *

אן אויסגעטראכטער אומזין,
איז נישטא וואס צו גריבלען זיך דעריין —

* * *

איין גוטן געדאנק אויסוועבן,
פארהיט אמאל א מענטשנס־לעבן —

* * *

שאפן א געדאנק אין זינען,
האט גאר ניט צו טאן מיט פארדינען —

* * *

א טאלמאטשער דארף קענען אסך שפראכן,
א דענקער קען זיך פארטיפן אין געדאנק אויף איין שפראך—

* * *

איינער קען צען שפראכן פארמאגן,
און קיין איינן ווארט נישט קענען זאגן —
אנאנדערער קען בלויז קענען איין שפראך,
פליסט זיין געדאנק, ווי א שטראמענדיקער טייך —

* * *

פאראַן פּערזענליכקייטן, וואָס שמעקן מער מיט גאוה,
ווי מיט זייער גרויסקייט —

* * *

איינער, וואָס פאַרמאָגט גאָר ניט קיין גרויסקייטן,
מאַכט אַ טוגנט פון זיינע קליינינקייטן —

* * *

פאַראַן מענטשן, וואָס קאַכן זיך אויף ביים ריידן,
מען זאָל ניט זען דאָס מוטנע וואַסער וואָס זיי זידן —

* * *

פאַראַן קרעמער, וואָס קענסט פון זייער פּרייז
נישט אַראָפּ דינגען,
און פאַראַן אַזעלכע, וואָס קענסט קיין שוה־פּרוטה
נישט מינערן פון זייער איינרעדעניש —

* * *

איינער, וואָס האָט ליב מען זאָל אים טאָן טובות,
האָבן אַ קנאַפּן ווערט זיינע חובות —

* * *

פאַראַן מענטשן, וואָס געדענקן ניט פון דאַנען, ביז דאַנען,
נאָר, דאָס קאָרטן־שפּיל פאַרגעסן זיי נישט,
אפילו ווען זיי פאָרן אויף די באַנען —

* * *

פאַראַן מענטשן, וואָס זען ניט פון נאָענט קיין פיר איילן
באַטש פון וויטן דאַכט זיך אויס, אַז זיי זען
גאַנצענע מיילן —

* * *

איינער, וואס רעדט אלעמאל די זעלבע זאך,
איז ארעם אין שפראך —

* * *

איינער וואס האט א גרוים מויל,
איז צו באריידן נישט פויל —

* * *

ווער עס קומט צו דיר צו גאסט,
נעם אים אויף, ווי עס פאסט —

* * *

ווען א פריינט — ווערט דיר א פיינט,
האט ער פריער פאלש געשיינט —

* * *

צו האבן קאליעקעס פאר פריינט,
דארפסטו מיטנעמען מיט זיך א פאר קאליעס,
זאלסט זיי קענען נאכהינקען —

* * *

פאר א מייסטער צייגסט ארוים רעספעקט,
שווינסט אפ זיין ווערק־צייג:
פאר א פארטאטש שטעלסט ארוים א נאז
און ווייזט אים א פייג —

* * *

צווישן א גארטן מיט גלייכע בוימער,
וואקסט אמאל א קרומער בוים, א קאליעקע,
ווי פאר א וואונדער —

* * *

פאַראַן מייסטערס, וואָס אַרבעטן אויף זייער ווערק —
און פאַראַן מייסטערס, וואָס אַרבעטן אויף זייער שילד,
הענגען אַרוים שיינע נעמען —

* * *

אויף אַ קונסטווערק מוז דער קינסטלער
דערגרייכן מיט זיין אַרבעט —
אויף אַ נאָמען „קינסטלער" קען זיך יעדער
פּראָסטער בשר־ודם הייסן קינסטלער —

* * *

פאַראַן מענטשן — מאַכן זיך אַ נאָמען,
אַזש אויף אַ בית־עולם שילדל — :
יעדער לעבעדיקער, וואָס טוט דאָרט אַ שפּאַן,
זאָל וויסן ווער ס'איז דער חברה־קדישא־מאַן —

* * *

אַ נאָמען אויף אַ שילד לאָזט זיך גרינג אָפּקראַצן,
אַ גייסטרייכער נאָמען קען מען ניט אָפּמעקן,
ער שיינט אין האַרץ פון מענטשן —

* * *

יעדער איינער האָט אַ נאָמען,
אָבער נישט יעדער פאַרדינט זיך דעם נאָמען מענטש —

* * *

דעם טאָג, וואָס האָסט גאָר ניט געלערנט,
ווערט באַנג צום קומענדן טאָג טאָפּלט צו לערנען —

* * *

לויט דעם עסן אזוי טוט מען בענטשן,
לויט דער פירונג אזוי זעט מען דעם מענטשן —

* * *

למען האמת, וואס מען זאגט נאר א טויטן,
קען אן איבער־שאצער — ווערן אן אפקראצער —

* * *

פאראן אזא איבער־שאצער,
ווען איינער נייט זיך אוים א נאמען פון זייך,
פארשטרייכט ער מיט קרייד:
און איינער, וואס פראזעוועט מיט רייד,
מאכט ער זיך א קעשענע פאר זיין קלייד —

* * *

איינער, וואס גריבלט זיך אין אלטע שם'עס,
שפרינגט קדוש פאר יעדע נייע נארישקייט,
וואס א מחבר פון שמן־זית:
גיסט איבער ס'קריגל מיט נסים פון אמאל —

* * *

דער דענקער מוז נישט האבן ארום זיך בלויז שטילקייט,
נאר, אויך דער שיין ארום זאל זיין טונקל, פארשאטנט,
ווי פארטיפט, פארטראכט אין זיין דענקן —

* * *

דער דראנג נאך אנערקענונג געדויערט אמאל אזוי לאנג,
וואס איז א גאנץ לעבן באנג —

* * *

דער פרום־גלויביגער,
האָט נאָר גאָט צו לויבן און צו דינען:
דער פריי־געזאָנענער,
האָט דאָס מענטשליכקייט איז זינען —

* * *

דער שיין פון אויג באַשיינט די זעל,
אויב שטאָט'ס אַ זעל אַ טייפל איז —
שיינט נישט דאָס אויג, נאָר טוט אַ שפּיז — —

* * *

אַ טריבער טאָג לאָזט איבער טריבע געדאַנקען
און אַ מוח אַ בלאַנקן —

* * *

וואָס טיפזיניקער עס איז אַ געדאַנק,
אַלץ ווינציקער געפינט אַן אָפּקלאַנג —

* * *

אַ לייענער, וואָס האָט ניט קיין ברעקל פאַנטאַזיע
פאַר אַ פּינטעלע (.) שטעלט מען צו אַ שטרייכעלע —

* * *

אַ פשעטלער — קען אַזוי פאַרדרייען די יוצרות,
אַפילו, וואָס איז פאַרוועגט
וואָלט מען אויך ניט דערקענט —

* * *

מענטשן, וואָס האָבן ליב מיט יענעמס גרויס זיך
צו פאַרגלייכן,
פאַרנאַבלעסיקן זייער אייגענעם ווערט צו דערגרייכן —

* * *

וואס די וועלט האט געבוירן איז קילן צושטאנד,
ברייננגט אום דער מענטש מיט פייער און בראנד —

* * *

זינט דער מענטש האט דעם הימל געמאכט
פאר גאט'ס געצעלט,
פירט דער מענטש קריג מיט גאט'סהילף אויף דער וועלט—
ווען דער מענטש וואלט אבער זיין הארץ געמאכט
פאר גאט'ס געצעלט,
וואלט ער אפשר פארשפארט צו פירן קריג אויף דער וועלט –

* * *

אמאל, אמאל, ווען דער מענטש האט
מיט א פייגנבלאט זיין בושה צוגעדעקט —
האבן זיך די געטער מיט די מלכים ביי אים געמערט —
היינט, ווען דער מענטש זיין גאנץ נאקעטקייט פארשטעלט·
מערן זיך ביי אים די טייוואלים —

* * *

ווי קליין עס איז אונדזער וועלטעל,
פארמאגט עס דאך אזוי פיל גלויבנס און געטער —
טא, וויפיל געטער דרייען זיך ארום אין די הימלן,
צווישן אזוי פיל טויזנטער און מיליאנען שטערן? —

* * *

יעדער גלויבן האט זיך זיין מענטעלע שיין אויסגעהעפט,
גאט'ס־הייליקער, גאט'ס־געזאלבטער הילט זיך אינם
פרעכטיקן מאנטעל — פוצט זיך ס"אנזעען — —
גלאנצט ס'פארבלענדעניש — : גרויסער, ליבער, שיינער,
הייליקער פון אלע באפעלן פון לויטער־
לויטערקייט'ס מאכט —

* * *

מענטשן, וואָס האָבן געפירט קריג איינער מיטן אַנדערן,
האָבן זייער רשעות רעכטפאַרטיקט דערמיט — :
וואָס זייערע געטער זיינען אויך געווען בעל־מלחמות —

* * *

דער מענטש, וואָס איז געווען אַ נוקם־ונוטר,
האָט זיין אייגענע מידה אויסגעטראַכט אויף גאָט,
וואָס איז פול מיט נקמה, ווי דער ראַכזיכטיקער מענטש —

* * *

דער מענטש, וואָס גלויבט איז אַ משגיח איבער דער וועלט,
ווי מאָלט ער זיך דעם אַכטונג געבער:
איבער אונדזער הימל און ערד ? —

* * *

פאַר דער קלענסטער קליינליכקייט קען אַן אַכזר זיך קריגן,
און פאַר דער גרעסטער גרויזאַמקייט קען
אַ גאָט פאַרשווייגן —

* * *

דער בלינדער קלאַפּט מיטן שטעקן צו זיכערן זיין טריט,
דער זעעוודיקער טאַפּט נאָך מער בלינד,
וואָס ער דערזעט ניט —

* * *

אַמאָל איז בלויז די ערד געווען פאַרבלוטיקט
פון מענטשנס־זינד,
היינט איז דער הימל אויך נישט ריין פון זינד —

* * *

מענטשליכקייט — שטייגט איבער געטלעכקייט —
געטלעכקייט האָט דעם מענטש געבראַכט
צו אַל־גרויזאַמקייט —
מענטשליכקייט שאַפט ערשט איבער דעם מענטש
צו אַל־גערעכטיקייט —

* * *

דעם גרעסטן מנובל אויף דער וועלט,
האט דער מענטש געבוירן:
די גרעסטע חיה פון דער וועלט,
האט דער מענטש ערצויגן —

* * *

דעם מענטשנס מיטלייד,
איז ס'געפיל פון הארץ:
דעם מענטשנס גרויזאמקייט,
איז דער אינסטינקט פון טייפל —

* * *

אייביק קלאגט זיך די גערעכטיקייט׳
דורך דור־דור־דורות'דיקייט,
ביז בית־עולם — אויף בית עולם'דיקייט —

* * *

דער גרויסער מענטש קען אויך אמאל זיין „פראזע"
נישט אויפקלערן, ער נוצט בלויז די פראזע:
מען זאל זיך צו אים צוהערן —

* * *

אז ס'גליק און אומגליק איז א גאט זאך,
איז גאט זיכער ניט איינס פון די ביידע:
אדער דער גרעסטער פתי פון דער וועלט,
אדער רחמנא־לצלן דער גרעסטער טיראן:
פאר אזא נישט גלייכע צעטיילעניש —

* * *

גאָט איז אַ הימלישע אידייע,
וואָס דער ערדישער מענטש׳
האָט באַקליידט מיט זיינע אינסטינקטן —

* * *

צווישן גאָט און מענטש,
איז דער הימל אַ שלייער — :
פאַר איינעם אַ דורכזיכטיק דינער היל,
פאַר אַנאַנדערן אַ געהיים געטלעך שפּיל —

* * *

דער מענטש האָט אַלעמאָל גערעדט צו גאָט,
אַמאָל, אַמאָל, האָט גאָט גערעדט צום מענטש,
האָט דאָס מסתמא געהערט דער אייזל —

* * *

וואָס דער אור־מענטש האָט פאַרגעטערט,
האָט דער מיטלאַלטער פאַרהייליקט;
און די געגנוואַרט גלויבט אין די וואונדער׳
פון דער פאַרגאַנגנהייט — —

* * *

דער מענטש איז נאָך אַ יונגער בוים
פאַרצווייגט מיט פעלקער,
ווי אַמאָל, אַמאָל, אַמאָל די פיל געטריי —

* * *

איינער, וואָס טרינקט זיך כאַפּט זיך אַן אַ שטרוי,
אין אַן עת־צרה, איז גאָט׳ס־הילף אויך אַזוי —

* * *

א הערשער׳ אדער א האר,
האט אפשר פארהערליכט גאטעס־דינסט:
וואס האט זיין קנעכט געמאכט צום נאר,
געשקלאפט פאר אים כמעט אומזינסט —

* * *

פאר גאט האט שוין דער גרעסטער טיראן,
זיך געזאלבט פאר א הייליקן מאן —

* * *

אמאל, אמאל, ווער ס׳האט ניט גערעדט פון נאמען גאט,
איז געווארן פאראכטעט און פארשפאט —
היינט נאך טויזנטער דורות לאנג,
שיינט שוין דורך דעם מענטש׳ס־געדאנק —

* * *

זינט דער מענטש לעבט אויף דער ערד,
האט ער שוין אויסגעדינט אלע עבודות־זרות:
און יעדן אפגאט האט ער א וועלט מיט אפפער געבראכט,
נאר, דעם נישט געצן־דינער, האט ער א גיהנום געמאכט —

* * *

וויפיל פאלשע דעמאגאגן ס׳האט אמאל געהאט די וועלט׳
אזוי פיל וואונדער האט דעם המון נישט געפעלט —

* * *

דעם פאלשן פריידיקער, צימבל און פייקל באגלייט:
און אז אויגן־גלאצעניש נאך די רייד —

* * *

דער דענקער פארטיפט זיך אין גאט,
ביז העכסטן מענטשליכן געבאט:
דער הענקער — ביז צום עשאפאט —

* * *

צו האבן עולות און טענות צו גאט,
דאס קען בלויז א האלבער אידיאט —

* * *

די תוכחה — וואס פארשעלט,
איז דעם אוממענטש פון דער וועלט —

* * *

גאט איז ס'געוויסן פון דער וועלט,
נאר, ביי מער צאל מענטשן ס'געוויסן פעלט —

* * *

צען וויסנשאפט־לייט קענען אויפקלערן איין מענטשן:
און איין לומפ קען פארפירן א וועלט —

* * *

אויף א דם־שונא — פריי זיך מיט זיין טויט,
אויף א געוועגליכן שונא —
וואונש אים ניט אין זיין נויט —

* * *

אמאל זיינען מענטשן געווען לעבנס־גייציקע געצנדינער,
היינט זיינען מענטשן לעבנס־גייציקע געלט־שקלאפן —

* * *

ווען אויף דער וועלט זיינען פאראן מענטשן, ווי חיות,
זיינען דאך אוודאי פאראן מענטשן ווי חזירים —

* * *

ווען איינער רעדט פון פיינע מאניערן,
זע נאר, ווי ער אליין טוט זיך אויפפירן —

* * *

אין קרומען שפיגל איז ס'בילד נישט קלאר,
פון קרומע רייד איז ס'ווארט נישט וואר —

* * *

איין שטאטישער מענטשן חיה קען אמאל דערשרעקן:
א גאנצן וואלד מיט חיות —

* * *

ביז דער אוממענטש וועט זיך אויסמענטשלען,
וועט שוין די חיה אפשר זיין אוים חיה?

* * *

א גאנץ פאלק פאר מערדער ערצויגן,
וועט קיין ערציהונג מער ניט טויגן —

* * *

צווישן גוטע מענטשן ווערט דאס קינד דערצויגן מילד,
צווישן גרויזאמע — ווערט מען אליין ווילד —

* * *

וואו דער מענטש זאל זיך ניט אפזונדערן פון די חיה,
וועט ער אנטרעפן דעם אוממענטש —

* * *

די פארדארבנסטע ווערטער קענען א פאלק פארפירן,
ווי די שענסטע פערל קענען א מיאום הארץ באצירן —

* * *

ווער איז ווערט צו טראגן דעם נאמען מענטש?
דער, וואס נעמט זיך אן פארן געקריוודעטן —

* * *

דאָס וואָרט, דאָס פּשוט'ע קען דאָס האַרץ פאַרנעמען,
דאָס צינישע וואָרט שפּעט אָפּ און טוט פאַרשעמען —

* * *

אויף קלוגקייט לאָז די פאַנטאַזיע זיך אויסשפּינען,
אויף דומקייט גיי טרעף, וואָס דער נאַר האָט אין זינען —

* * *

איבער צוימען פון אוממעגליכקייטן,
לאָזט זיך די פאַנטאַזיע קלעטערן —

* * *

ווער עס פאַרמאָגט ניט קיין פאַנטאַזיע,
איז ווי אַ זומער פויגעלע אַז פלאַטערלעך —

* * *

פאַנטאַזיע איז די געבער־מוטער פון אויסטראַכטונג,
נאָר, דעם געדאַנק, וואָס זי געבירט איז אַמאָל,
ווי אַ קינד'ס פאַרשטעלונג, וואָס קען ניט געמאָלט זיין —

* * *

אַ זאַך, וואָס איז אומפאַרשטענדליך,
בלייבט אַלעמאָל אומפאַרענדערליך —

* * *

די וועלט איז אַזוי רייך מיט שטאָף,
זי האָט קיין אָנהייב און קיין סוף —

* * *

ווי גרויס איז אַ שטערן?
ווי אַ פייער־פליגעלע אין אוניווערן —

* * *

א וואכזאם אויג,
איז ווי א לאמטערנע אין מיטן נאכט —

* * *

א צערודערטער שלאף,
וועקט אמאל א געדאנק אויף —

* * *

נאך שפּיץ־טורם און שפּיץ לייטער,
גייט מען נישט ווייטער —

* * *

וואס מער שטאפּלען דער מענטש גייט אויף לעבנס־לייטער,
קומט ער נענטער — ווי ווייטער —

* * *

וואס א נארישע פאנטאזיע קען אויסשפּינען,
קען דער שכל ניט געפינען —

* * *

דער מענטש, וואס זעט זיך אליין דורכן שפּיגל,
דארפט ניט קיין וועג־ווייזער —

* * *

בעסער דעם לעבן געשווינט,
איידער דעם טויט באוויינט —

* * *

פון א ליבעס טרוים,
שפּינט זיך א לעבנס־טרוים —

* * *

ביינקשאַפט איז דאָס גלי־ווערעמל,
וואָס צינדט אָן די ליבע —

* * *

אייפערזוכט — איז דער וואָרעם פון ליבע —

* * *

שלאַפלאָזע נעכט פון ליבעס־דראַנג,
מאַכן דעם מענטשן קראַנק —

* * *

איז וואָס דיין ביינקן באַשטייט,
ווער נישט אַנטוישט דורך דער צייט —

* * *

דאָס ביינקן — לאָזט נישט פאַרגעסן,
דאָס צו געדענקען —

* * *

אַ פרוי איז פרייד — איז פיין ווי זייד,
אַמאָל פעלט חן — איז פראָסט אויך שיין —

* * *

אַז אַ פרוי איז שטיב,
איז דאָס לעבן טריב —

* * *

אַן אַלמן —
איז אַזוי גוט, ווי אויפן בית־עלמין —

* * *

דאָס העלסטע ליכט, וואָס איינער צינדט אָן,
מאַכט נישט אַלעמאָל ליכטיק ס'לעבן —

* * *

אויסריידן זיך דאס הארץ,
מיינט אמאל, ווי אפווייסן, וואס איז שווארץ —

* * *

א פארזעענעם — צו א פארגעסענעם,
איז ערגער פון א פארגאנגענעם — —

* * *

א בלינדער פארשפארט צו זען,
יענעם'ס שלעכטע טהאטן —
א טויבער פארשפארט צו הערן,
יענעם'ס נארישע רייד —

* * *

ווייַ איז צו דעם לעבן,
וואס האט ניט פאר וועם צו שיינען:
און ווייַ איז דעם שרייבער,
וואס האט ניט ווער עס זאל אים לייענען —

* * *

איבער א טויטע נאכטיגאל,
קען א וואראנע זיך לאזן הערן —

* * *

דער רום אויף נאכן טויט,
איז אזוי ווי פארשפילט ס'לעבן —

* * *

די גרעסטע ענטוישונג
ליידט דער, וואס ענטוישט זיך אליין —

* * *

ווער עס קען דאָס וואָרט דערהייבן,
דאַרפֿט ניט זוכן דערפֿאַר קיין לויבן—

* * *

עס קען איינער אָנשרייבן אַ גאַנצע מגלה
און ס'זאָל ניט זיין אין עיקר וואָס צו לייענען —

* * *

שרייבן שווער, ביז ס'לייענט זיך גרינג,
איז אַן אויסצייכענונג פֿון שרייבער'ס מי —
שרייבן פֿאַרנעפּלט, ביז ס'לייענט זיך קלאָר,
איז אַן אויסלייטערונג פֿון שרייבער'ס געדאַנק —

* * *

דער מענטש טראַכט מיט זיך אַליין,
טיפֿער נאָך מיט פֿאַרמאַכטע אויגן;
קלאָרט זיך אויס פֿון טונקעלן־שיין,
שיינט דער געדאַנק — אַ רעגן־בויגן —

* * *

איינער, וואָס שרייבט מטושטש צעדרייט —
איז גוט אַמאָל פֿאַר צייט־פֿאַרטרייב —

* * *

דער פּראָזיאַר שיסט אויס זיינע פֿראַזן
און זיי קלעפּן זיך, ווי זשאַווער אויפֿן אייזן —

* * *

אין קלאָר זיניקן לייענען,
קען אַן אייגענער געדאַנק אָפּשיינען —

* * *

שיינק נישט אוועק דיין געשאנק צו א סנאב,
ר'וועט קוקן אויף דיר פון אויבן אראפ —

* * *

ווען ס'איז ליב דיין געשאנק,
טוט קיינמאל ניט באנג —

* * *

וואו דו קומסט נישט גערן,
קען דיר ליב נישט ווערן —

* * *

דעם גרוים האלטער גיי פארביי,
נאר, קוק זיך ניט אום דאביי —

* * *

איינער, וואס גרויסט זיך מיט זיין שטאנד,
פאסט אים בלויז צו געבן פון לינק אויס א האנט —

* * *

איינער, וואס האלט נאר פון זיך,
האלטן אנדערע נישט פון אים —

* * *

איינער, וואס שרייבט בלויז פון זיך,
זעט די וועלט אין זיינע דלד־אמות —

* * *

איינער קען אזוי פיל אפשאצן דעם אנדערן,
אויף וויפיל ער קען זיך אליין אפשאצן —

* * *

זעען — ווי מען זעט אוים, גלענצט נאר דאס אויסערליכע,
דאס אינערליכע — שפיגלט זיך אפ אין דער נשמה —

* * *

דער עניו זאָגט זיין „ווייניקייט“,
דאָס מיינט נישט קיין קלייניגקייט —

* * *

פון צופיל עניוות,
פאַרלירט מען דאָס חשיבות —

* * *

דער וואָס רייסט זיך נאָך כבודים,
דאָס איז נישט קיין פאַרדינטער כבוד —

* * *

אינם מענטשנס אויסשפּראַך, קען מען אַמאָל דערקענען:
זיין גאַנצן באַנעמען —

* * *

חסרונות — האָט מען נישט ליב אויסצוהערן,
כדי די מעלות זאָלן נישט געמינערט ווערן —

* * *

פאַר דער מטבע קען מען אַלעם אַנאַנסירן,
אפילו דעם שקר צו פאַרפירן —

* * *

אויסגעוואַקסנקייט פון גוף אַליין,
קען זיך אַנזעען מער דער שווייז —
אויסגעוואַקסנקייט פון געדאַנק און זין,
דערהויבט דעם מענטש מכל־מין —

* * *

אויפן העכסטן שטאַפּעל,
שווינדלען די אויגן:
וויגט זיך אפילו דער קנאַפּעל —

* * *

קינדער — געפעלן לאסקעס,
גרויסע מענטשן — געפעלן מאסקעס —

* * *

וואס אויף א קינד מען שרייט אן,
גילט נישט אויף א גרויסן דאס געבייזער טאן —

* * *

ביי א קינד, איז א קינדערשע זאך,
אויך א גרוים געמאך —

* * *

דאס גרעסטע אומזין׳ וואס א קינד פרעגט,
באווייזט עס אויך אויף שכל צו פרעגן —

* * *

א קינדעריש שפאקטיוול,
איז נישט צו פארגלייכן:
צו צעלעכערטע שטיוול,
דא זעט זיך ניט קיין שיין —
און דארט רינט אריין —

* * *

רייד, וואס מען רעדט אנטקעגן,
קומען פון שלעכטע וועגן —

* * *

ווי איז צו דעם שלום־בית,
ווען א מאמע העצט די קינדער אויפן טאטן —

* * *

ווער עס האט קינדער פאר שונאים,
דער האט ביים לעבן ס׳גיהנום —

* * *

ווען מענטשן גייען אוועק פון די גרענעצן,
דאכט זיך איינעם ר'איז נאענט —
דעם אנדערן דאכט זיך ר'איז ווייט —

* * *

לויט דעם וואוקס פון איינעמס גרוים,
דערקענט מען אמאל דעם אקסן־קאפ —

* * *

א בור קען מען נישט אויסקלייבן צווישן בוררים,
ר'וועט זיך אויסדאכטן׳ ווי א האן אין בני־אדם —

* * *

דער פינסטערלינג וויל אלעמאל אנמאכן חושך,
ווען ס'דרינגט דורך א שטראל ליכט אין זיין פינסטערניש—

* * *

מענטשן, וואס טאפן אין דער פינסטער,
קענען אפילו אינם שיין נים זען —

* * *

שיינע רייד — קלינגן פארן אויער,
גוטע רייד — אפעלירן צום הארץ,
מיאוס'ע רייד — וועקן אויף דעם אינסטינקט —

* * *

דער, וואס פון אייגענע זיך דערוווייטערט,
ווי שווער צו פרעמדע זיך דערנענטערט —

* * *

דער קארגער שפארט אלץ אפ פאר מארגנדיק־לעבן,
ער זאל נישט ברויכן עפעס צו געבן —

* * *

א שווערער הערער — טרעפט זיך אממיינסט,
ווענען ס'לוינט ניט צו הערן —

* * *

וואס אומפעאיגער עס איז איינער,
אלץ מער פארגינט ער ניט דעם אנדערן —

* * *

וואסער מאסקע עמיץ זאל ניט בייטן,
טראגט ער אלץ דאס זעלבע פנים פאר לייטן —

* * *

א רעקלאמע מאכער שרייט און טומלט א וועלט,
וואס הינטער בילינקייטן זיך פארשטעלט —

* * *

ווייסט — ווי זיך צו האלטן מיט קליינליכע מענטשן,
אפילו ווען זיי טוען אייך בענטשן —

* * *

ווער עס פארוואנדלט די וועלט אין א גיהנום,
וועט קיינמאל נישט דערלעבן ס'גן־עדן הפנים —

* * *

אויפן פאדער־גרונט טוען זיך די פערד פאיען,
אויפן אפגרונט טוען זיך די ווערעם ראיען —

* * *

גוט איז אז די שרצים צו פארגעסן,
זאלסט זיך נישט פארמיאוס'ן ביים עסן —

* * *

לויט דער משא, וואָס ליייגסט אַרויף צו טראָגן,
האָט אַ חמור־קאָפּ אויך וואָס צו זאָגן —

* * *

יעדער איינער מיינט ביי זיך ריכטיק,
באַטש ער ווייסט ניט, וואָס איז וויכטיק —

* * *

אַז דאָס מזל דרייט זיך היין און צוריק,
טאָ, זוכט ניט דאָס גליק פון יענעמ׳ס אומגליק —

* * *

דער גנב גנב׳עט אַלעמאָל אַביסל
און באַהאַלט זיין נאַכשליסל —

* * *

ווער ס׳האָט ס׳גלויבן אין געלט,
דער זעט ניט קיין שיינע וועלט —

* * *

אַז נאַראָנים פירן די וועלט,
איז זייער פאַרשטאַנד:
אַ גראָשן קליין־געלט —

* * *

ווען דאָס פאָלק איז אַ סטאַדע,
איז דער פאַסטעך אַ פירער —

* * *

דער אויפּפּאַסער, וואו ער זאָל ניט זיין,
פאַרזעט קיינמאָל ניט זיך אַליין —

* * *

דאס קאמישסטע און ס'מינדסטע,
זעט זיך נישט אלעמאל אז ס'גרינגסטע —

* * *

דער מענטש, וואס טראכט בלויז פון זיין חומר,
שטעלט ער זיך אויף דער מדרגה:
פון בבחינת בהמה —

* * *

קליינע מענטשן נארן זיך,
גרויסע מענטשן שפארן זיך —.

* * *

נארישקייטן — האלט מען איז זיך,
ארויס ווייזן דאס נארישקייט עפנטלעך,
מאכט מען זיך פאר א שטאט'ס־נאר —

* * *

איינער, וואס קען נישט זיין אייגן־פאר,
בלייבט אממיינסט א לא־יוצלח —

* * *

א קליין ליגנטעל קען מען אמאל פארטראגן,
ווייל ס'לוינט ניט איבער צו זאגן —

* * *

אויף א ליגנער'ס א ווארט,
ביסטו נישט זיכער מיטן ארט —

* * *

בעסער איז דעם מענטש מיטן ווערטל,
איידער דעם מענטש מיטן קערטעל;
פון א ווערטעל קען מען ווערן קליגער,
פון שפּילן א קערטעל קען מען ווערן א באטריגער —

* * *

וואו עס שפּילט א גריל,
פּאַסט צו דאָס קאַרטן־שפּיל:
דער גריל לעבערט דעם מוח,
דאָס קאַרטן־שפּיל לעבערט די קעשענע —

* * *

דער נאר, וואָס פארשפּילט — שפּילט אמאל מיטן לעבן,
דער קלוגער וועט דאָס נארישקייט אויפגעבן —

* * *

ווער עס שפּילט דאָס נארישע אויף דער בינע,
טאנצט דער חוזק איז פּנים אריין —

* * *

גרינג־שעציקייט — הענגט אויפן גראבן פליגל,
פון צינישקייט — —

* * *

א קאמעדיאנט איז א קאמעדיע,
שפּילט דאָס לעבערליכע א פּאראדיע —

* * *

די גאָס איז די טרובקע צו בורלעסק,
די היים איז ס'אויער פאר לעבנס־אויפפירונג —

* * *

אַ פאָרם אָן אַן אינהאַלט,
איז בלויז אַ פעדער צייכענונג —
אַן אינהאַלט אָן אַ פאָרם,
איז ווי רויער מאַטעריאַל פאַר אַ טורם —

* * *

דער מאָלער מאָלט דאָס אויסערליכע,
דער דענקער דענקט דאָס אינערליכע —

* * *

איינער האָרכט זיך צו צום האַרץ,
אַנאַנדערער האָרכט זיך צו צום קאָפּ —

* * *

איינציק זילבּיגע ווערטער אין אַ שורה,
ציילן זיך, ווי גראָשנס —
צוויי, צו דריי זילבּיגע ווערטער,
קלינגען שוין רייכער, ווי גרעסערע מטבעות —

* * *

וואו דער גראָשן פאַרנעמט אַן אָרט,
איז דער גאָלד־שטיק פאַרשוווּנדעריש —

* * *

שמייכלהאַפטע ליבּ,
איז ווי אַ זויערע טרויבּ —

* * *

צו טאָן אַלעמען צוליבּ,
קען מען ווערן אַ פלעדערוויש —

* * *

א פישער קען אויפכאפן אויף א העקעלע,
אבער, בלויז א קליין העכטעל —
און פאראן אזעלכע, וואס טשעפען צו א העקעלע,
אפילו צו א גרויסן העכט — —

* * *

פון א פאלעמיקער ביז א קריטיקער,
שטייגט מען ארויף א פאר שטאפלן העכער —
פון א טאדלניק, ביז א רכילות'ניק,
פאלט מען אראפ א פאר שטאפלן נידעריגער —

* * *

א רכילות'ניק פון נאענטן,
טראגט דאס רכילות נאך פון הינטן —
א רכילות'ניק פון דערווייטן,
טרייבט דאס רכילות פון אלע זייטן —

* * *

צוויי בארייידער'ס וואס איינער בארעדט דעם אנדערן,
טוט דאס רכילות ארום וואנדערן —

* * *

פאראן אזא עניוות'דיקער מחבר,
וואס די פאר שורות, וואס ער גיט אויפן בלאט,
טוט ער זיי אראפ נידערן פון אונטן:
ווער עס וויל עפעס א פירוש באצייכענען,
קען האבן פלאץ פון אויבן — —

* * *

איינער פלאצט אונטן — אנאנדערער פלאצט אויבן —

* * *

לעבן ווילט זיך מיט גאנצע ביינער,
שטארבן — קען מען אפילו זיין:
א צעבראכענער שארבן —

* * *

א נאכקוקער קומט אמאל צוניץ הינטער די פלייצעס,
ער קען זען צו ס'בגד ליגט גלייך אויפן רוקן:
פון פארנט אבער קען מען אליין זיך אנשפיגלן — —

* * *

אלצדינג קען א מענטש איבערלאזן פאר ירושה:
געלט, צירונג, מעבל, נאר ווי צו דער שראנק מיט ספרים,
וועז מען האט ניט פאר דעם קיין יורש,
ווער ס'זאל זיי לייענען —

* * *

פאראן אזעלכע פארגרעבטע באגרעבער,
וואס באגראבן זייערע ספרים אין א קאסטן
אין קעלער אריין —

* * *

וויפיל זיינען פאראן אידישע ביבליאטעקן
אן ביבליאטעקער,
און ס'איז אפילו נישטא ווער ס'זאל א בוך גנב'ענען —

* * *

פאראן א באגרעבער, וואס יעדער טויטער
איז ביי אים א פגר
און ער קלאגט נעבער, ווען ער וועט שטארבן,
וועט נישט זיין ווער ס'זאל זיין פגר צונעמען —

* * *

איינער, וואס רייסט אראפ א פארשטארבענעם מחבר,
ציינט ער זיך, ווי א פיקס רייסט א פעל
פון א טויטן לייב —

* * *

פאראן מענטשן, וואס שטארבן ביסלעכווייז,
פריער איז מען קראנק, שפעטער קומט דער אפשייד —
און פאראן מענטשן, וואס שטארבן מיט איינמאל,
גייען אוועק פון דער וועלט, ווי אז א זיי געזונד —

* * *

דאקטאר — צום באגרעבער — :
איך בין דער מענטש, וואס האט צו טאן
מיט די לעבעדיקע
און איר זייט דער מענטש, וואס האט צו טאן
מיט די טויטע —
באגרעבער — צום דאקטאר — :
איך פארדעק אבער אלע אייערע טעות'ן —

* * *

א רייכער מאן ציילט די גאלד־שטיקס ווען קיינער זעט ניט,
ווייל ער שרעקט זיך פאר א בייז אויג —
אן ארעמאן ציילט די גראשנס ווען קיינער זעט ניט,
מען זאל אים נישט קארגן נאך א גראשן — —

* * *

פאראן מענטשן, וואס זיינען שוין אויסגעזארגט
אויפן גאנצן לעבן,
וואס האבן אפגעשפארט פון א נעכטיקן טאג —
און פאראן מענטשן, וואס האבן ניט איבערצולעבן
דעם היינטיקן טאג —

* * *

קולטור־פאראיינען, וואס דרייען זיך ארום דער שיסל,
דארפן ניט זוכן די ציינער אויף דער פאליצע,
זיינען שטענדיק גרייט פאר דער אכילה —

* * *

פאר מאנכע מענטשן איז א כבוד צוטיילעניש,
עפעס אן אנצייכעניש, א צוטשעפעניש,
כאטש א פאפירן בלימל צום לאץ —

* * *

קליינע מענטשן — מאכן זיך א קלייזל —
גרויסע מענטשן — פערזענליכקייטן,
רינגלען זיך ארום, ווי א קאסטע —

* * *

קליניגקייטן, ווי שפרינקעלעך און שטויבעלעך,
ציטערן אמאל אויף ווערס ברעמען:
זאלן ניט פאלן אויף דעם'ס פרעסטיזש —

* * *

די מער־צאל קינסטלער היטן אזוי אפ זייער „איך",
לאזן וויסן דער וועלט — :
נישט בלויז וועגן זייער געזונט,
נאר, אויך וועגן זייער קרענק —

* * *

א שפיצלדיקער פסוידאנים,
וואס טראגט ניט קיין אחריות פאר זיין פען,
דערמאנט אלעמאל פון שקץ'ערייי —

* * *

צבוע'יאקעס און היפאקריטן,
זיינען ניט פאראנטווארטליך פאר קריטיקן —

* * *

אַ שניידער, אַ לאַטוטניק פאַרלאַטעט די לעכער,
אַ שרייבער, וואָס פאַלשעוועט, פאַרלאַטעט ס'געוויסן —

* * *

איינער, וואָס שרייבט פאַר לעבעדיקע נישט וואָר,
וועלן די טויטע אים נישט אויפוואַרפן דעם ליגנט —

* * *

פאַראַן שרייבער׳ וואָס מען מוז אַלעמאָל איבער לייענען,
מען זאָל עפּעס געדענקען:
און פאַראַן שרייבער, וואָס זייער אַרט שרייבן,
קריצט זיך איין אין זכרון —

* * *

פאַראַן אַזעלכע אינטעליגענטע שרייבער,
וואָס קענען נאָר איבערשרייבן יענעמס —
אָבער נישט זייער אייגנס —

* * *

ווען שרייבער און דיכטער שעצן גרינג איינער דעם אַנדערן,
קען מען דאָס גרינג־שעצונג פון לייענער ניט אָפּזונדערן —

* * *

אַ שרייבער, וואָס האָט זיך שוין אויסגעשריבן
אויפן אַלטן שטייגער
און וויל נאָך אַלץ גילטן פאַר געניאַל — לויבט ער דעם,
וואָס פאַנגט אָן שרייבן אויפן נייעם שטייגער —
און מאַכט אים אויך פאַר געניאַל —
לויבן זיך צוויי שטייגער'ס —

* *

א בעל־מלכה טוט אלעמאל דיזעלבע ארבעט,
א קינסטלער הייבט אן אלעמאל אויפסניי —

* * *

דער קאליוק לאכט אפ פון קינסטלער,
ר'וויל כאטש מיט דעם זיך דערהייבן —

* * *

דער טאלאנט שאפט אממיינסט זיינע ווערק,
ווען ער איז ניט אנערקענט —

* * *

דער קאליוק פאנגט זיינע „קרבנות״:
— דורך שתדלנות —

* * *

דער גרעסטער קונסט מאלער:
קען ניט איבערצייגן דעם בלינדן זיין געניאליטעט —

* * *

אז דאס ביליקע לאזט זיך טייער באצאלן,
מיינט עס ס'וועט אויסזען, ווי עפעס רעכטס —

* * *

טאלאנט — איז אמאל אזעלכעס, וואס בלאזט פון זיך
און טראמפייטערט צו ווערן באקאנט —

* * *

איינער, וואס טוט אסך אנדערציילן,
איז אזוי, ווי נייז־מאס־רייד וואלטן לאנגווייליג —

* * *

אמאל געפעלט דער „אויבעט״ אויך נישט —

* * *

ביי דעם בלינדן, קען א קארליק האבן דעם אויסזען,
ווי א ריז;
און ביי דעם מוצא־מביז — יערט אלצדינג אויף,
ווי אויף הייוון —

* * *

איינער, וואס זאגט ארויס לעבערליכע מיינונגען,
מאכט זיך אזא לעבערליכן אויסזעען —

* * *

ווען איינער קען זיך נישט — אויף זיך אליין,
קען ער אוודאי זיך נישט, אויף אנאנדערן —

* * *

איינער וואס איז גייסטיק אויסגעשעפט,
איז זיין געשמאק, ווי אויסגעוועפט —

* * *

מענטשן, וואס זיינען אומפאראנטווארטליך,
האבן שטענדיק גרייט א פאלשן תירוץ —

* * *

איינער, וואס רעדט סתם איז דער וועלט אריין,
איז אזוי ווי יענער „וואר־זאגער", וואס היט זיך,
מען זאל אים נישט כאפן ביי קיין ליגנט —

* * *

דער עקספערט קען גרינגער אפשאצן די עדל־שטיינער,
לויט געשליפנקייט און ראפינירטקייט,
לויט דעם שיין און קאליערן,
איידער דער קריטיקער, וואס שאצט אפ גייסטיקע ווערטן,
וואס זיינען פארשיידן, לויט דעם מענטשנ'ס געשמאק
און געדאנק —

* * *

א בוד, וואס איז שווער צו באנעמען,
איז גרינג דעם מחבר צו פארשעמען —

* * *

א בוד׳ וואס מען שטעלט אוועק גאר פון אויבן,
האט אמאל א טעם, ווי זויערע טרויבן —
א בוד, וואס מען שטעלט אוועק גאר פון אונטן,
האט כאטש א באדן א געזונטן —

* * *

ווארט־הענדלער פארקויפן נישט דאס ווארט אויפן וואג,
נאר, וויפיל רעקלאמע עס טראגט —

* * *

פאפולער — איז אזוינס, וואס שרייט פארן אויער —

* * *

דער ניט פארגינער, קען אפילו דיינע שענסטע טרוימען,
פארגלייכן אזוי — צו פארפוילטע פלוימען —

* * *

א מייסטער, וואס ארבעט לאנג אויף זיין ווערק,
קען יעדעס טיילעכל און יעטוועדער שרייפעלע,
צו צענעמען און צוריק צוזאמען שטעלן:
אויפן ריכטיקן ארט —

* * *

פאראן אזא קריטיקער, וואס טייטלט אהער
און טייטלט אהין
און שטעכט מיטן טייטל קליין און גרויס:
און פשטלט דעם פשט ביז די קריטיק איז אויס —

* * *

אמאל איז אזא אפשאצער — ווי אן אפקראצער —

* * *

פאראַן זינגער, וואָס זינגען,
פאַר פולן זאַל מיט מענטשן;
און פאראַן זינגער, וואָס זינגען,
פאַר די טויטע הערשן־קעפּ
וואָס הענגען אַרום אויף די ווענט —

* * *

פאַראַן אַזאַ וואָר־זאָגער,
וואָס ער זאָגט — מיינט ער ניט:
און וואָס ער מיינט — זאָגט ער ניט —

* * *

פאַראַן אַזעלכע שפּרוכן־זאָגער׳ס,
נישט בלויז ביי קאַרטן־לייגער׳ס,
נאָר, אפילו ביי פּראָזן־שיסער׳ס
און ביי אַנדערע וואָרט זאָגער׳ס —

* * *

איינער כאַפּט אויף אַ הינטל,
אַ פּיינשמעקער כאַפּט אויף אַ פּינטל —

* * *

איינער שרייבט קריטיק,
מיט אַ טיפן איבערבליק;
און אַנאַנדערער שרייבט „קראַטיק“,
ווי עס סווישטשעט איז האַנט אַ באַטיק —

* * *

ביי מאנכע פּאָרפעסערס,
קען מען אַזעלכע שפּרוכן געפינען,
ווי בּאַ איינעם, וואָס איז געריירט פון זינען —

* * *

אַ שלעכט פאַרפאַסונג,
איז אַזוי, ווי פאַסטריגעוון —

* * *

דער גרימפּלער, גרימפּעלט אַזוי לאַנג,
ביז אים דאַכט זיך אַ געזאַנג —

* * *

דער פּייקלער, פּייקלט אַלע זאַלן הערן,
אַזש ער פּראַלט אויף טירן־טויערן —

* * *

דיכטונג — פון אַ זינג און אַ זאָג,
בּלייבּט דערפון אַ נעכטיקער טאָג —

* * *

פון די אַלטע זאַבּאַבּאַנעס,
קען מען גרימפּלען אויף די סטרונעס —

* * *

גייסטיקע שוויינערייען,
זיינען די באַרימערייען —

* * *

אַ דאַמע אין אַ שלייער,
פאַרהילט אַמאָל איר טרויער —
נאָר, גאַרדינען פאַר די פענסטער,
שאַטנט זיך, ווי אַ געשפּענסטער —

* * *

ווען דאס לעבן טאנצט לוסטיק,
ווערט פריילעך אויפן הארצן —
ווען דאס לעבן טאנצט אברוגז־טאנץ,
מאכט עס אויף אלעמען א זויער פנים —

* * *

שרייבן מיט פארשיידענע ניואנסען און נקודות,
איז די שפראך, ווי א נגידות —

* * *

א שיינע שפראך — באדייט אסך —

* * *

מיט א בוך מיט גרייזן,
איז קיין כבוד נישט זיך צו באווייזן —

* * *

מיט קלענסטן בוכשטאב פון אלף־בית
קען מען אויך מאכן א גרייז —

* * *

א בוך מיט ליידיקע בלעטער,
צייגט דאס ארעמקייט פון מחבר —

* * *

שרייבן איבער בלינצעס,
איז אזוי ווי שרייבן נאנסענס —

* * *

שלעכטע חלומות ביי נאכט,
קען מען זיך איבער וועקן —
שלעכטע געדאנקען ביי טאג,
קען מען זיך איבערשרעקן —

* * *

ווען צוויי פארטאטשעס טרעפן זיך באנאנד,
גיבן זיך די קאליקעס די האנט —

* * *

פון וואסער גערוד די נאז פארשמעקט,
ווערט דערפאר גע'חונפ"עט און געלעקט —

* * *

געקינסעלטע זאכן — געפענסעלטע מאכן —

* * *

לא הקפדן מלמד — א הון קען ניט קרייען —

* * *

נאכן געבורט — פארנעמט עס אן ארט —

* * *

אז א באגרעבער שטופט זיך אויבן אן,
וויל קיינער ניט האבן מיט אים צו טאן —

* * *

אז א באגרעבער גייט א קראנקן באזוכן,
פעלן אים ניט אוים קיין פלוכן —

* * *

אז א באגרעבער גייט די גאס אדורך,
הערט ער מסתמא פון א טויטן א שאראך —

* * *

אויף א געהאנגענעם'ס א שטריק,
איז נישט פאראן קיין קריטישער בליק —

* * *

א טויטן פירט מען צו אייביקער רו·
א פגר — נעמט דער היצעל צו —

* * *

א קאץ גיט זיך אַלעמאָל א טרייסעל ביים זכרון
און בלייבט פאַרט א קאַצן־קאָפּ —

* * *

וואס א קרומער טוט פארקרומען,
קען א גלייכער נישט אויסגלייכן —

* * *

קליידער זיינען געמאכט געווארן צום טראָגן,
תכריכים — ארייגצוליִיגן —

* * *

פאר די טייערסטע זאכן, האבן קליידער אן ארט —
תכריכים — האבן נישט קיין טאשן —

* * *

וואס בלייבט פון מענטשנס געביין?
א שטיין! א שטיין!

* * *

א שיינער שטיין —
מאכט אויך דעם מיאוס'טנס קבר שיין —

* * *

א געשטאָרבענער פילאַנטראָפּ,
דינט אמאָל זיין אנשטאַלט צום גוטן אנדענק —

* * *

געשטאָרבענע פילאַנטראָפּן — :
זעען זיך אן מער אז די דענקמאָלן נאכן טויט,
איידער די לעבעדיקע — נישט קיין פילאנטראָפּן —

* * *

דער לעצטער בלאט פון לעבן, איז אויף דער מצבה:
אז אפען בלאט צו לייענען —

* * *

א מצבה־קריצער — באשיינט די טויטע,
א מעבל־שניצער — באפוצט די לעבעדיקע —

* * *

א מצבה־מעקלער, איז ווי צווישן לעבעדיקע
און טויטע א צוזאמען העקלער —

* * *

פאראן מענטשן, וואס זיינען געזונט ביזן טויט אריין,
און פאראן מענטשן, וואס קרענקן אוים זייער לעבן —

* * *

ווער ס'איז אומבאהאלפן ביים לעבן,
ווערט געהאלפן אויף נאכן טויט —

* * *

דאס לעבן האט אלערליי וועגן צו דערגיין,
דער טויט האט דעם אפגרונט הינטער זיך —

* * *

דאס לעבן האט זיין אייגנשאפט,
דער טויט האט זיין פארענדערונגשאפט —

* * *

יעדע זאך האט זיין אייגנשאפט און פארענדערונגשאפט,
גאט און די צייט זיינען אייביק פארם־לאז
אן פארענדערליך,
זיינען זיי דערפאר די אייביקע, אייביקייט — —

* * *

אממיינסט איז דעם מענטשנס־לייד,
ביינקט דער מענטש נאָך פרייד,
קומט דער טויט און צעשיידט —

* * *

אויף טויזנטערליי וועגן,
קומט דער טויט אנטקעגן —

* * *

דעם אויסטערלישן טויט,
א שוועכלינג געטרויט —

* * *

א פלינק באגרעבעניש,
איז א שלעכט צעשיידעניש —

* * *

היסטערישע געוויינען,
ווייבער זיך ניט אפגעוויינען —

* * *

געיאָמערן איבער א טויטן,
גרייכן ביז בית עולם פלויטן —

* * *

וואָס מען רעדט אויף א טויטן,
טאָר מען נישט טרייסטן דעם אבל —

* * *

וואָס מען קען נישט ווי טאָן דעם טויטן,
קען מען ווי טאָן זיינע לעבעדיקע קרובים —

* * *

דער געדונגענער קלאָגער,
באַקלאָגט נישט שטיל דעם טויטן אליין;
נאָר, ער וויל אַלע זאָלן הערן, ווי ער קלאָגט שיין —

* * *

דאס לעבן רופט זיך אפּ צו ביסלעך,
געוואוינט זיך צו:
צו דער אייביקער רו —

* * *

א פוילן קען מען פארגעבן,
צופארשלאפן ס׳לעבן —

* * *

ווער עס פעדערט זיך פרי,
האט נישט אלעמאל פאר זיין מי —

* * *

דער טויט מאכט טרויעריג ס״לעבן,
די נויט מאכט אומהיימליך ס׳געמיט —

* * *

דעם אויסגעהארעוועטן,
ציטערן הענט און פיס:
צו געניסן פון לעבן — —

* * *

דאס לעבן דערנענטערט,
דער טויט דערווייטערט —

* * *

ווען דאס הארץ איז טריב,
מאך נישט ליכטיק די שטיב —

* * *

צום טרויער — פּאסט ניט קיין העלער שלייער —

* * *

די שענסטע צעשיידונג, וואס קען געבן,
איז אן אויסגעלעבטען גאנץ לעבן —

* * *

ווען עס ווערט ווארעמער און לינדער,
פילט זיך דאָס לעבן געזונטער —
ווען עס ווערט כמורנער און קעלטער,
פילט זיך דאָס לעבן עלטער —

* * *

קראַנקע מענטשן פאַרשילטן זיך די יאָרן
און דערקוטשן אַ געזונדן ס׳לעבן

* * *

אַ קראַנקן־שוועסטער, דינט בעסער דעם קראַנקן.
ווי פון אַן אייגענע שוועסטער —

* * *

אַ קראַנקן קען נישט גוט ווערן:
פון אַנאַנדערן קראַנקן צו הערן —

* * *

נאָכפרעגן זיך אויף אַ קראַנקן,
הייסט אויך אַ פריינט — „גאָט צו דאַנקן" — — —

* * *

אַ דייאַביטיקער —
קען פון זיס עסן זיך מאַכן ביטער ס׳לעבן —

* * *

ס׳לעבן, ווי לאַנג עס זאָל נישט דויערן,
וואָלט סיי ווי סיי אַלע צרות נישט אויסגעהאַלטן —

* * *

צווישן טאנצן איז ס'לעבן א טאנץ,
צווישן זינגען איז ס'לעבן א געזאנג;
גייט אוים דער טאנץ, הערט אויף ס"געזאנג;
איז אוים דער שפּיל, איז אוים דער קלאנג —

* * *

נישט יעדער איז בכוח אלץ איבער צו טראגן,
רייסט ער זיך אפּ ס'הארץ אין מיטן וועג —

* * *

דער, וואס איז ניט בכוח זיך צו באשיצן,
טאר ניט אוועקלאזן זיך אויף פרעמדע גליטשן —

* * *

מאן, אדער פרוי, וואס לעבן איבער איינס־אנדערע,
בלייבט ביי איינעם דאס נאכקלאנגן —

* * *

אנשפּיגלן זיך אין יענעמס לייד און פּיין,
קענסט אמאל פארגעסן אין זיך אליין —

* * *

ווי שווער ס'זאל ניט זיין, צו גיין אויף א פרעמדער לויה —
אויף אן אייגענע לויה —
וועט מען שוין פארשפּארן צו גיין — —

* * *

פון א טויטן גוף וועבט זיך אנאנדער לעבן,
קען זיין פון א פארלאשענעם שטערן,
טוט א נייע וועלט ווערן? — —

* * *

לעבן צווישן פריינט,
לעבט זיך היימליכער אין היים —
לעבן צווישן שונאים,
לעבט זיך, ווי אין א גיהנום —

* * *

א מ'כלומר'שטער פריינט,
פירט זיך חבר־לאַפּ מיט דיין פיינט —

* * *

ווער עס באַגריסט דיך נישט פאר קנאה,
לאַז אים דאס פארגינען —

* * *

וואס העכער דיין רום שיינט,
אַלץ מער ערגערט זיך דיין פיינט —

* * *

אין גאַס רעגן און אין שטורם,
ליגט מער געפאר אויף שפּיץ־טורם —

* * *

וואס דער מענטש טוט ערפארן,
מיידט ער אוים לעבנס־געפארן —

* * *

אז דער בעזעם ליגט איבער דער שוועל,
שארט זיך דאס מיסט, ביז צו דער קעל —

* * *

דער מענטש, וואס איז פארטיפט אין דענקן,
פארגעסט אָממיינסט אז זיך צו געדענקן —

* * *

פעלערן דארף מען פארשטרייכן,
זאל בלויז בלייבן אן אנצייכן —

* * *

ווערענס בכבוד איד זוך,
איז א גאנץ קלייד און א פאר שוך —

* * *

ענגהערציקייט — :
האט ס'הארץ געלאזט ביים טייפל —

* * *

א באגעגעניש מיט א חם,
שלאגט ארויס פון גוטן מוט —

* * *

איינער, וואס איז אומפארשעמט,
איז ער גראב, ווי זאק-לייוועגט —

* * *

דאס איידלקייט פון א שארלאטאן,
ציינט ארויס א גראביאן —

* * *

צווייערליי צבוע'יאקס — :
גיבן זיך צו דערקענען מיט די קולאקעס —

* * *

א פאלשער אנשטעל, וואס איינער מאכט,
קען מען דערקענען, ווי דער טייפל לאכט —

* * *

איינער, וואָס זאָגט אַלצדינג קאַפּויר,
גרילצט זיין איינרעדעניש אין אויער —

* * *

ווער עס רעדט נאָך די רייד פון אַ ליגנער,
קען נאָך געשטרויכלט ווערן פון ליגנערשע רייד —

* * *

אַ וואָרער ליגנער אויף זיין ליגנט באַשטייט,
אַ זייגער, וואָס שטייט ווייזט אויך אַמאָל די צייט —

* * *

אַ גרינגער נעמער,
איז אַ שווערער אָפּגעבער —

* * *

אַ שוואַכער זכרון,
געדענקט נישט די יאָרן —

* * *

אַלטע דערמאָנונגען,
ברענגען שוואַכע עראינערונגען —

* * *

אַ לויזע צונג, ווי מען שרויפּט זי אַן, אַזוי זיך דרייט,
קומען אַרויס לעבערליכע רייד —

* * *

דער בלינדער קען דעם טויבן גרינג איינרעדן,
באַמקעט נאָך דער נאַר פון זיי ביידן —

* * *

פאראן מענטשן, וואס פילן די אלטקייט לויט דעם געזונט,
לויפן די יארן ביי זיי געשווינד —

* * *

אז מען זאגט איינעם ר'איז אלט,
איז אזוי, ווי מען וואלט פארעלטערט זיין געשטאלט —

* * *

אז מען איז יונג, קען מען נאך פארדינען,
אז מען איז אלט׳ האט מען שווין אפגעדינט —

* * *

ווען מען איז יונג, איז מען קראנק פון ליבע,
ווען מען איז אלט, איז מען קראנק אויף עפעס אנדערש —

* * *

מידקייט — שעפט די כוחות אוים פון לעבן,
אפרו — טוט א פריש קוואליקייט געבן —

* * *

א געזונט־מידקייט — דארף אן אפרו־צייט,
א קראנק־מידקייט — איז אן עלטערקייט —

* * *

א יונגער מענטש שטייט אויף פריש און געזונט,
אן אלטער מענטש הייבט זיך אויף מיד,
דארף זיך באלד צוריק לייגן — —

* * *

גרויסן זיך מיט די שאפונגען פון אמאל,
איז א סימן פון אלט ווערן —

* * *

נישט יעדער, וואס האַרכט זיך איין,
וויל באַגרייפן זיך אַליין —

* * *

צייטן — ווען מען איז פויל,
טראָגט זיך דער גענעצן איבערן מויל —

* * *

אַ מידער פערד לאַנגזאַם שפּרייזט,
אַ שווערע אַרבעט פאַרמאַטערט דעם גייסט —

* * *

פערד פיטערן — איז נישט קיין צייט פּטר'ן —

* * *

נאָכן אָפּרוען — קען מען די אַרבעט בעסער טאָן —

* * *

איינער, וואס איז געוואוינט צו שרייען,
וועט זיך ניט אָפּשטעלן פאַרן מינדסטן קאַפּריז —

* * *

אַן עגאָיסט — מאַכט זיך אַממיינסט פאַר'מיאוס'ט —

* * *

נעמען מיט צונעמען — טוען פאַרשעמען —

* * *

איינער, וואס קוקט מיט טאָפּלטע אויגן: (אויגן־גלעזער)
קענען זיי ווערן פאַרלאָפן מיט עפּעס אַנדערש,
ער זאָל ניט קענען זען —

* * *

ביז דער שניצער שניצט אויס א פויגעלע,
קען ער דורך דער צייט אויפעסן אן אקס —

* * *

פעאיגקייט — קען נישט אלעמאל גילטן:
צו זיין ערפאלגרייך —

* * *

פארן אמת — דעם אויסגעלאכטן,
ברייגגט נישט איינעם זיך צו פארטראכטן —

* * *

א מענטש, וואס זיין גאנץ לעבן ציילט נאר גראשנס,
ווערט זיין נשמה א גראשנדיקע —

* * *

ווען איינער ווערט רייך קריגט ער א קאליעדיקע ראיה,
ער דערקענט ניט מער דעם ארעמאן —

* * *

וואו איינער זאל זיין באהעלטענים ניט זוכן,
קען אמאל א טשערעפאכע אהין פארקריכן —

* * *

יעדער בית־מדרש הינטערן אויוון,
האט נישט בלויז זיין בטלן,
נאר, האט אויך זיין חכם פון דער מה־נשתנה —

* * *

ווען איינער לעבט ביז זיבעציג־יאר
און איז נאך אלץ א נאר:
קען זיין א סברא, אז פון זיבעציג,
ביז הונדערט און צוואנציג־יאר
זאל ער אפשר ווערן קלוג? —

* * *

דער נאַר ווייסט ניט וואָס צו פרעגן,
כאָטש ער שטופּט זיך דיר אַנטקעגן —

* * *

הערן שטראָף־רייד פון אַ נאַר,
פעלט אַפילו דעם שפּאָס דערפאַר —

* * *

פאַרדעכטיקייט און ליגן
איז נאַר אַן אָנשטעל צו באַטריגן —

* * *

אַן אויסנאַרער און אַן אָפּנאַרער,
איז אַ טאָפּלטער שווינדלער —

* * *

טאָפּלטע בוכהאַלטעריע,
מיינט צו פאַרגלעטן דעם שווינדל —

* * *

איינער, וואָס איז אַ שווינדלער,
האָט אַ קאָפּ מיט קאָפּ־דרייעניש —

* * *

אַ קאָפּ אויף רעדלעך,
דרייט זיך אין דער לופטן —
אַ קאָפּ אויף שרויפן,
רירט זיך ניט פון פלעק —

* * *

די היים איז דער שפּיגל,
פאַר אַלערליי אויפפירונגן —

* * *

א לעבנס־באשרייבונג,
איז וויכטיק דער אויסקלייבונג —

* * *

א קראַנקן אויפן וואגן,
איז אַ לאַסט צו דערטראָגן —

* * *

גריבלן זיך אין פאלקס־נאַרישקייטן,
קען מען צו קיין טאַלק ניט דערגייז —

* * *

אפּגעלעבטע זאַכן,
גיבן אַ נעכטיקן נאָך־טעם —

* * *

צו אַ שטעקל מיט אַ פּלעקל,
פּאַסט זיך צו אַ לייב־צודעקל —

* * *

שלאָגן כּפּרות מיט אַ הון און אַ האָן,
קען מען דעם רשע גאָר ניט אָפּטאָן —

* * *

אַז מען שאָקלט דעם לולב פון אַלע זייטן,
קומען נאַראָנים צו רייטן —

* * *

שלאָגן הושענות אויף טיש און אויף בענק,
די געשלאָגענע הושענא געדענק:
עס דערמאָנט דעם שמש דעם בעזעם —

* * *

אָבער־גלויבערישע מענטשן,
שילטן זיך און בענטשן —

* * *

וואָס איז שווער צו געדייען,
איז ניט גרינג צו באַנייען —

* * *

אַ וואָרט פון אויפקלערן,
איז אַלעמאָל ווערט צו הערן —

* * *

דורך יעדן ביסל שטרעבן,
גייט אַ דורך דאָס לעבן —

* * *

אין שטורמדיקע טעג,
שטיי ניט אין מיטן וועג —

* * *

צווישן קליינליכע שונאים,
קריגט מען אויך אַ שוואַרץ פּנים —

* * *

דעם מענטשנס טראַכטן און קלערן,
קען אַמאָל דער וועטער איבערקערן —

* * *

דער וועטער גילט אויף די געראַנקן,
ווי זונשיין אויף אַ קראַנקן —

* * *

דער מענטש איז אַ נערוון צוזאַמען־שרויף,
יעדעם לויט געוואָרענע פעדעמל,
קען צורודערן דעם שלאָף —

* * *

אַזוי גרינג, ווי דער שלאָף פרישט אויף אַ געזונטן,
אַזוי שווער קען דאָס וואַך זיין פאַרערגערן דעם שלאָפן —

* * *

טרויעריגע געדאַנקען,
צעשטערן דעם שלאָף פון אַ קראַנקן —

* * *

ווער ס'האָט אַ פעסטן שלאָף,
וועקט קיין וועק־זייגער נישט אויף —

* * *

ווער עס שלאָפט נישט פון זאָרגן,
גייט אַרום, ווי אַ נעכטיקער צום מאָרגן —

* * *

פון צופיל רוען — ווערט מען פויל עפעס צו טאָן —

* * *

אין אַ נעבלדיקן טאָג — קריכט אַמאָל דער האָז
אין מיטן טאָג, וואָס פאַרשלאָפן האָט איז פרימאָרגן —

* * *

פאַראַן מענטשן, וואָס טראָגן אַ זייגער אין טאַש:
און ווייסן קיינמאָל ניט, ווי שפעט ס'איז אויף דער וועלט —

* * *

פאַראַן מענטשן, וואָס ווייסן אַלע וועגן;
און ווייסן נישט, וואו זיי זיינען אויף דער וועלט —

* * *

פאראַן פרויען, וואָס היטן אָפּ ניט צו באַשמוצן
זייערע קליידער — אָבער ניט זיך אַליין —

* * *

אַ פאַלשער דימאַנט פאַרבלענדט די אויגן,
אַ פאַלשער קאָמפּלימענט — הינטער די אויגן —

* * *

אַ פאַלשער פּערל קען מען נישט איינשטעלן,
אַ פאַלשע פרוי זוכט נאָר צו געפעלן —

* * *

צו פאַרשטיין אויפן ווינק,
איז אַזוי, ווי ס'פּילט דער אינסטינקט —

* * *

היט דיין האַרץ פון אַ פרויען־צימער,
פון אַ ציגיינערין — היט דיינע קעשענעס —

* * *

ווען דער מאַן גייט אַוועק אין קריג,
לאָזט ער איבער דעם ווייב אַ קינד אין וויג —

* * *

די מאַטאָ פון קריג — :
איז פאַרמערט זיך און קריגט זיך —

* * *

פראַגן פון העפליכקייט ווענן,
זאָ אויך העפליך אָנטקעגן —

* * *

פראַגן פון אַ פאַלשן אַנשטעל,
דיין ריכטיקן ענטפער ניט פאַרפעל —

* * *

מענטשן — לויט די נעמען,
קענען זיך אנזעען גראד פארקערט:
דער „אייזן" קען מער ווערט זיין איידער דער „גאלד" —

* * *

איינער קען זיך הייסן — „דימאנט"
און נישט האבן א גראשן ביים האנט —
איינער קען זיך הייסן — „גראשעלע"
און פארמאגן א רייך־טעשעלע —

* * *

דאס רוב פאראדיעס — קלינגען, ווי קאמעדיעס —

* * *

דער שטאמלער שטאמלט אזוי לאנג,
ביז ער בארעדט א בארײדעוודיקן —

* * *

ווער עס פארמאגט די באנקנאטן,
איז שוין באזארגט מיט באנקעטן —

* * *

איינער, וואס איז שטענדיק וואכעדיק פארהאוועט,
פאר דעם ווערט קיין יום־טוב נישט געפראוועט —

* * *

צו באנקעטלעך מיט טוטלען,
ברייינגט דער כבוד די געלט מיטלען —

* * *

אממיינסט קולטור־פאראיינען,
מיט זייערע „באנקעטלעך" שיינען — — —

* * *

קארטן מיט נבול־פה קומען זיך צוזאמען,
קארטן מיט קולטור — קען עמיץ זיך פארשעמען —

* * *

ווער עס איז אין קארטן־שפיל פארטאן,
שטעלט איין די קעשענע אין קאן —

* * *

א ציגיינערן לייגט קארטן,
א קארטן־שפילער פאשט קארטן —

* * *

דאס גוטע פארגעסט זיך,
דאס שלעכטע געדענקט זיך —

* * *

פאלקס־ווערטעל

אזוי ווי דאס פארשווינדל,
אזוי איז געראטן דאס זינדל —

* * *

פאלקס־ווערטעל

א מציאה כאפט מען אויס,
א גנב ווארפט מען ארויס —

* * *

פאלקס־ווערטעל

ווי דער ווינט טראגט, אזוי לויף איך,
ווי געקויפט, אזוי פארקויף איך —

* * *

פאלקס־הומאר

ווער עס האנדלט מיט האנעק האט א לעק,
ווער עס האנדלט מיט טאבעק האט א שמעק
ווער עס טוט גאר נישט — :
טויג נישט צו פארבינדן א קאץ דעם עק —

* * *

פאלקלאר

אז ס'רעגנט מיט גאלד,
שטייט דער ארעמאן אונטערן דאך —
אז ס'גיסט מיט צעבער'ס,
ליגט דער ארעמאן,
מיט די בעבעכעס אין דרויסן —

פאלקלאר

וואס א נגיד ווארפט ארויס,
געפינט מען ניט אין קיין ארעם הויז —
וואס אן ארעמאן ווארפט ארויס,
בלייבט נאך הונגעריק א מויז —

## דער אלטער אליהו

דער אלטער אליהו, איז געווען אזוי אריינגעטאן
אין תהלים זאגן, אז ער האט אז דער גאנצער וועלט
פארגעסן — ווען דער אלטער אליהו האט שוין געהאט
אויסגעזאגט דעם תהלים, ביז ר'האט זיך געכומען
דערמאנען, האט ער אזש דעם קאפ זיך געטאן קראצן —
האבן זיך די האר פון אלטן אליהו'ס קאפ זיך אנגעהויבן
צו קריגן — : יעדער האר האט געוואלט, אז אויף איר
זאל כאטש דער צדיק אליהו ארויף טאן די האנט,
אזוי ווי ביי יעקב־אבינו, האט יעדער שטיין
זיך געקריגט — אויף מיר זאל דער צדיק ארויף ליינן
זיין קאפ, ביז פון אלע שטיינער זיינען געווארן
איין שטיין — אזוי זיינען פון אלטן אליהו'ס האר,
געווארן איין האר, איין קאלטן —
זינט דאמאלט רופט מען דעם אלטן אליהו — :
אליהו מיט די קאלטענעס.

* * *

א שיין ווערטל מיט א גוטן גראם,
לאזן איבער א געשמאקן נאך־טעם —

* * *

איינער, וואס האט א ציל און שטרעבן,
איז אים גרינגער צו לעבן —

* * *

לעבן מיט אן אידעאל אין הארץ,
שיינט ליכטיקער דאס פנים —

* * *

דאס גרעסטע אומגליק פון מענטשן,
איז זיין הילפסלאזיקייט —

* * *

דער מענטש, וואס האט ניט קיין פיינט,
טוט אים מקנא זיין א פריינט —

* * *

פארערונג — איז א קנאפער צעשטייערונג —

* * *

צווישן מעלה־גרה'דיקע מיילער,
זיינען נישט בלויז פאראן בהמות,
נאר, אויך באריידעוודיקע צונגען —

* * *

צווישן צינישע מיילער,
שמעקט דאס פסולת פון לעבן —

* * *

אין א ביליגע סביבה,
איז ליבערשט צו זיין אליין —

* * *

אז אנפאנגער הייבט אלעמאל אן,
נאר, בלייבט אן אן ענד:
אבער נישט יעדער שלום,
לאזט זיך אויס צום גוטן —

* * *

וואס פאלט אמאל איין,
קען מען צעברעכן ס'געביין —

* * *

וואס איז ניט באשערט,
דאך ס'הארץ איז באשווערט —

* * *

פריער קומט מען אפ,
שפעטער הייבט מען אפ —

* * *

אויסגעשלאפן, ווי א ביק,
גענעצט ער מיט פוילע שטיק —

* * *

אויפגעשטאנען אויף דער לינקער זייט,
פון די חלומות נאך צערשטרייט —

* * *

ער בייט זיין פעל,
אז אן אפשיין פון א זעל —

* * *

א לעבעדיקער מענטש, איז ביים שטאט א בירגער,
א טויטער אין גרוב דארפט ניט קיין בירגער־רעכט —

* * *

שטעל דיך נישט גלייך מיט דעם, וואָס איז העכער פון דיר,
ווען ר'האָט זיין גרויסקייט — ערוואָרבן דורך מי—

* * *

צו וואָסער ציל דער מענטש שטרעבט,
דערקענט מען, ווי דער מענטש לעבט —

* * *

איינער, וואָס איז געפּרוווט מיט אומגליק ס'לעבן,
האָט זיין האַרץ פאַר אַ קרבן אָפּגעגעבן —

* * *

פון וואָס דאָס לעבן זאָל זיך ניט באַנייען,
קען זיך אָבער פון טויט ניט באַפרייען —

* * *

ס'גנעמיט איז אַמאָל גרינגער פון פעדערן:
און אַמאָל שווערער פון בליי —

* * *

איינער קען לעבן און שוועבן מיט אַ גרינג־געמיט,
אַנאַנדערער גייט און שטייט און פאַלט —

* * *

איינער פאַרטיפט זיך דעם מוח אין דענקן,
אַנאַנדערער האַלט זיך ביים גאָמבקעלע —

* * *

ווער עס איז גייסטיק באַנקראָט,
בלייבט אַ בעל־חוב צו זיך אַליין —

* * *

אַ קריטיקער, וואָס פאַרשווייגט אַ בוך,
בלייבט שולדיק אַ חוב דעם מחבר —

* * *

פאר א דרייער און פאר א צווייער,
קען מען קויפן א ספאדעק־דרייער —

* * *

יא געראטן — צו נישט געראטן,
יעדער איינער האט זיינע פאטריאטן —

* * *

קליין קעפלדיק — קען אמאל זיין אזוי פונקטליך,
ווי אן ארבעס אן וואנט —

* * *

איינער, וואס טראגט זיך ארום מיט א מאניע אין קאפ,
פאלט פאר קיין קעפעל־קרויט נישט אראפ —

* * *

ווען דער חוזק זיצט דערביי,
איז הפנים אך און וויי —

* * *

דעם נאאיוון מענטשן,
קען מען גרינג איבער כיטרעוון —

* * *

איינער, וואס שטופט זיך אויבן אן,
מוז ער צו יעדן א שמייכל טאן —

* * *

איינער, וואס טוט אלעמען לויבן,
וויל ער זיין ביי איטליכן געהויבן —

* * *

ריר נישט אן דעם „מורנו“ ביים כבוד זוכער,
ער קען נאך ווערן פאר דיר א פלוכער —

* * *

דער כבוד זוכער שטעלט אַז דעם טאָן,
וואו ער קען קריגן דעם אויבן אַן —

* * *

ווען צוויי גראָבּיאַנעס רירן זיך אַן בּיים כּבוד,
פליען פּעטש פאַרן אומ'כבוד —

* * *

דאָס גאַר נישטל — רעדט אַזויפיל פון אייבּיקייטן,
מען זאָל נישט באַמערקן די לעבערליכקייטן —

* * *

פאַראַן אַזעלכע, וואָס שרעקן זיך פאַר רעפאַרמקייט,
פאַר פּראָגרעסיווקייט און פריידיקן אָרטאָדאָקסישקייט,
צוריק געשטאַנענקייט —

* * *

אַז מען איז קראַנק אויפן געדאַנק,
פעלט עפּעס צום געזונט —

אַז די פיס ווילן נישט טראָגן,
טאָר מען זיך נישט יאָגן —

* * *

אַז ס'איז נישטאָ קיין כּוח,
בּרעכט מען זיך נישט דעם מוח —

* * *

ווען מאַן און ווייבּ זיצן מיט פאַרלייגטע הענט,
האָבּן זיי שוין אויסגעגעבּן די קינדער אין פריידן —

* * *

יעדער נודניק און יעדער אידיאט קען לאכן
און דעם עולם־גולם צום נאר מאכן —

* * *

נישט אַלץ, וואָס איז זיין טוט זיך אנקלייבן,
איז ווערט צו באַשרייבן —

* * *

ווען דער סוף פון דער מעשה איז פאַרצויגן,
קען אַמאָל די גאַנצע מעשה נישט טויגן —

* * *

מאַנכע ווילן בלייבן אַנשטערבליך,
אַז נישט מיט זייער ווערק,
איז כאָטש מיט זייער נאַרישקייט —

* * *

ניין־מאָס־רייד שפּריצן פון דער ליפּ,
ווי דורך אַ געלעבערטער זיפּ —

* * *

צינישע רייד — פּאַסן נישט פאַר קיין לייט —

* * *

איינער, וואָס רעדט אַסך,
איז נישט מדקדק אויף קיין זאַך —

* * *

פאַראַן אַזעלכע גראַמאַפאַנען,
וואָס רירן אַזש ביי זינען —

* * *

נאַרישקייטן, וואָס מען טראַכט,
ס'מענטשליכע האַרץ פאַרמאַכט —

* * *

דער פּליאַטקע מאַכער קען אַזוי פיל פּליאַטקעס אַנמאַכן,
עס זאָל גענוג זיין צו וויינען און צו לאַכן —

* * *

איידער דאָס פּאַפּיר ברענט אויס אויף אַש,
צעבלאָזט דער ווינט די פינקן —

* * *

אַרום טראָגן זיך מיט יענעמס שאַנד,
דאָס טוט נישט קיין פריינטליבע האַנט —

* * *

וואָס דו ווילסט אויסמיידן,
טו נישט באַריידן —

* * *

האווקעט און האווקעט דער הונט מיט זיין גרויסע צונג,
שטייגט איבער דעם הונט'ס בילעריי:
דעם מענטש'ס גרעסערע צונג —

* * *

צוויי שמועסער'ס וואָס כאַפּן פלינק זיך אויס צו שמועסן,
הערן זיך נישט איינער דעם אַנדערן —

* * *

צום מויל דאַרפט מען ניט קיין כשר־שטיין,
ס'קענען נישט איינבייסן די ציין —

* * *

וואָס אַן אָרעמאַן קען זיך פאַרגינען אַליין,
איז צו לייגן אין בייטעל אַריין די ציין —

* * *

ווער עס וויל אַלע רייכקייטן ערדרייכן,
קען דעם קריג גיכער דערגרייכן —

* * *

דער מענטש האט נאך זיין קינד ניט דערצויגן צום פרידן,
ווי קען ער אויסמיידן קריג אויף דער וועלט? —

* * *

דער מענטש, וואס וויל אַלצדינג פארכאפן פאר זיך,
מוז אויך ברענגען דעם קריג אויף גיך —

* * *

ווער עס האלט ניִשט אן אויג אויף א מערדער:
— שטעלט אײַן ס'לעבן —

* * *

וואו דער גענגסטער זאל זיך ניִשט באווייזן,
זעסטו זיין מאסקע צום בייזן —

* * *

ניִשטא אזוי פיל גוטס אויף דער וועלט,
וויפיל דאס שלעכטס, וואס מען פארשעלט —

* * *

דער מיאוס'ער מענטש,
וויל נאר ווייזן יענעמס חסרונות —

* * *

וואו דער ווינט טוט א בלאז,
פארקרומט ער די נאז —

* * *

א שטאך פאר א שטאך,
דער ריס קומט דערנאך —

* * *

אַ רבי שרייבט קוויטלער,
אַ שמש בינדט ריטלער —

* * *

זינדיקן געגן זיך אַליין
איז אויך די שטראָף ניט קליין —

* * *

יונגע מענטשן זיינען פאַרליבט,
אַלטע מענטשן ווערן פאַרטריבט —

* * *

אַן איינזאַמדיק לעבן,
איז אויך אַ לאַנגווייליג לעבן —

* * *

אין אַ קעלער שטוב,
איז אַ לעבעדיקער גרוב —

* * *

צו באַדינען אַ קראַנקן,
פאַרבויג דיין יחוס און שטאָלץ,
פיל זיך נישט ערנידעריגט —

* * *

דער קראַנקסטער מענטש,
האָפט אויך געזונד צו ווערן —

* * *

צו אַ דאָקטאָר, וואָס מען האָט צוטרויען,
איז דאָס אויך אַ היילונג צום געזונד —

* * *

איז א וועלט פון נויט און קנוט,
גייען טייכן אפ מיט בלוט —

* * *

הערשאפט — שאפט קנעכטשאפט —

* * *

אייגנטהום — שאפט שקלאפנטהום —

* * *

פון געלט — דער איבער־פלוס,
שאפט ניט דעם מענטשן קיין גענוס —

* * *

ס'יום־טוב־דיקייט פון א מענטשן,
פילט זיך אין זיין היימליכקייט —

* * *

וואס ביי איינעמען שיינט,
האבן אנדערע פיינט —

* * *

דאס שטענדיקע נאכווארטן,
טרעפט דעם אפגענארטן —

* * *

אז דער אפטימיסט מאכט א גרייז,
זעט דער פעסימיסט אלדעם בייז —

* * *

ווען דער מוח איז נישטא געדאכט,
צום מאל א שאטן פון א בילד ניט טראכט —

* * *

יעדער איינער, וואס פארטיידיקט זיין נארישקייט,
צייגט הערמיט ארוים דאס עגאאיסטעשקייט —

* * *

איידער איז יאוש צו לעבן,
איז בעסער זיך נארן און שטרעבן —

* * *

א מענטש, וואס וואוינט איינער אליין,
הערט זיך צו, צו זיך אליין —

* * *

א מענטש, וואס זיצט אין דער זייט,
רופט ארוים באשיידנקייט —

* * *

אין א פארווארפן ווינקל,
שיינט נישט אלעמאל טונקל —

* * *

אנשפיגלן זיך אין אייגענעם מאנומענט,
זע איך מיין סביבה מיט די קארטן אין די הענט —

* * *

שטעלן זיך א מאנומענט ביים לעבן,
קען אפילו א פריינט נים פארגינען —

* * *

איינער אליין צווישן פיער ווענט,
איז ווי א וואגלער אין דער פרעמד —

* * *

דער מענטש, וואס איז פארטרויערט,
טראגט זיך ארום מיט זיין אייגענעם טרויער —

* * *

דער געפערליכסטער וועג, איז אפט מאל דער מיטן וועג,
דער גרינגסטער וועג, איז אלעמאל דער זייטן וועג —

* * *

דער שארפזין פון געדאנק סיי איז טיף, סיי איז גרויס,
מעסט זיך נישט מיט קיין מאס און צייט —

* * *

איינער, וואס איז געלערנט אין זיין פאך,
קען ניט ארויסצייגן קענטעניס אין אנאנדער זאך —

* * *

צווישן אייגענע זוך ניט דיין פלאץ אויבן אן,
צווישן פרעמדע וועט דיר קיינער
קיין באליידיגונג ניט טאן —

* * *

שטעל דיך נישט מיט דיין חשובות צום עזות־פנים זייט,
ער קען נאך מיינען, ווי אנגעזען ער איז ביי לייט —

* * *

דער חוצפה'ניק שטעלט אלעמאל זיך פריער,
ער זאל קענען זיך גרויס מאכן איבער דיר —

* * *

דער חוצפה'ניק פארגלייכט אליין זיך מיט אדלער'ס גרויס,
כאטש איז אמת'ן איז ער, ווי א פלעדער־מויז —

* * *

זוך נישט קיין חבר'שאפט מיט א חצוף,
ווייסטו נישט אנזעען זיין פרצוף —

* * *

גרויס ווערט דער מענטש מיט זיך אליין,
וואס זוכט ניט אנאנדערער זאל אים דערהייבן —

* * *

אין דער פינסטער פירט א האנט אז אויגן,
אין דער ליכטיק, וואסער פירער קען טויגן? —

* * *

דער מענטש מוז ניט בלויז האלטן ריין די זעל,
נאר, אויך זיך ניט אנקלעפּען עפּעס אונטער דער זויל —

* * *

ווער עס גיט נישט אכטונג אויף די פּערל־גרויפּען,
וועט נישט האבן די פּערל —

* * *

קענסט אמאל א פּערל געפינען ביי לייט:
אין זייערע רייד —

* * *

צייט, וואס דו הארכסט זיך צו צום לעבן,
וועט עס כפל־כפלים דיר אפּגעבן —

* * *

וויפיל איך האב אדורך געשפּאנט מיין לעבנס־וועג,
ווער קען געדענקען די אלע ערטער?
קען זיין ס'האט פון א פרעמדן גערטנער,
פּארווייעט צו מיר א שפּראץ אויף א פיצעל־שטעג — —

# שפּעט זומער פויגעלע

אַ שפּעט זומער פויגעלע — מיטן אָנקומען פון האַרבסט; האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ טריב׳ס, אַן אַש־גראָ׳ס און צווישן פאַרוועלקטע בלעטלעך אַרום געפלאַטערט. האָט דאָס שפּעט זומער פויגעלע אַ שמאָל גוף׳ל, מיט אַ דין איינגעדאַרט העלדזל געקריגן, און הונגעריק אַרום גע־פלויגן; האָט עס אָנגעטראָפן אַ פריערדיג זומער פויגעלע, אַ גאָלד געשפּרענקלטס, מיט אַ דיק־פעט העלדזל און אין דערמיט, אין די קאַלך־ווייסע פליגלעך האָט די זון געשיינט, ס׳האָט דאָס לעצטע זומער בלומל געזויגן —

האָט דאָס שפּעט זומער פויגעלע צו איר געזאָגט: קנאַפּ איז דיר געווען אַלע פריערדיגע בלומעלעך ? ווילסטו נאָך דאָס לעצטע זומער בלומל פאַרצערן, איך זאָל דערפון גאָר נישט ניט געניסן ? האָט דאָס דעם עלטערן שמעטער־לינג פאַרדראָסן, וואָס דאָס יונגע שמעטערלינגעל פליט אים אין וועג אַריין — און האָט דערפאַר איבערן גאַנצן בלומל זיינע פליגלעך אויסגעשפּרייט און נישט צו געלאָזן דאָס יונגע שמעטערלינגעל — אָבער פון עלטערקייט האָבן זיך זיינע קאַלך־ווייסע פליגלעך צעקראָכן און ווי צוגעקלעפּט געבליבן אַזוי הענגען, און עס האָט פון לעצטן זומער בלומל נישט מער געקענט אַוועק פליען — —

האָט דאָס שפּעט זומער פויגעלע עס איבער געלאָזן און ווי הונגעריק עס איז געווען; האָט עס מיט גרינגן־געמיט אַוועק געפלאַטערט און כאָטש מיט אַ שפּעט גרעזל זיך געזוכט צו דערקוויקן . . .

# די מוראַשקע

אַ שוואַרץ-ברוינע מוראַשקע, וואָס האָט פֿון אונטער דער שוואַרץ-פּעכיקע ערד זיך אַרויס געגראָבן; האָט איבער בערגלעך און גריבלעך געשמייעט ווייט אין וועג אַריין — האָט זי אָנגעטראָפֿן אַן אַנדערע מוראַשקע, וואָס איז צוריק געגאַנגען אָנגעלאָדנט, אַזוי ווי ביידע האָבן נישט צייט געהאַט זיך אָפּצושטעלן, ווי מוראַשקעס, וואָס זיינען שטענדיק פֿאַראַרבעט — האָבן זיי בלויז זייערע שוואַרצע קעפּלעך שיעור-אויס אַ נויג געטאָן, אַזאַ באַגריסונג — און זיינען איינע די אַנדערע פֿאַרביי געגאַנגען, איז די ערשטע מוראַשקע, וואָס איז ליידיק געגאַנגען אָן משא פֿלינקער אַהינצו אָנגעקומען, וואו אַ גאַנצע מחנה מוראַשקעס האָבן, ווי די קאַראַוואַנען מיט אייזלען און קעמלען זיך געשלעפּט און געצויגן און איינע די אַנדערע האָט צוגעהאָלפֿן און דאָס לאָדנק מיט די פֿאָדערשטע הערנדלעך נאָכגעשטופּט — האָט די פֿריש אָנגעקומענע מוראַשקע, צו אַ פֿרישע אַרבעט זיך צוגעשטעלט; נאָכדעם, ווען זי האָט איר אַרבעט אָפּגעטאָן, האָט זי איר חלק געקריגן — אויפֿן וועג האָט זי ווידער באַגעגנט יענע מוראַשקע, וואָס איז פֿריער געווען אָנגעלאָדנט, נאָר, איצטער אָן אַ משא גייט יענע גרינגער און זי גייט שווערער — און אַזוי ווי ביידע האָבן נישט צייט געהאַט צו פֿאַרזאַמען, ווי מוראַשקעס, וואָס זיינען אונטער איילנדיקע טריט אונטער-וואָרפֿן — האָבן זיי נענטער זייער שוואַרץ-ברוין אויגלעך אַ היימישן בליק געגעבן, צום ווידער-זעען און זיינען ווייטער איינע אין די אַנדערנס שפּור געגאַנגען — —

אָבער דאָרטן ביים אונטער-ערדישן וואוינונג, האָבן

שוין קליינע מוראַשקעלעך די קעפּלעך אַרויס געשטעקט און געוואַרט אויף די גרויסע מוראַשקע, וואָס איינע גייט אַוועק און אַ צווייטע קומט אָן, און יעדע איינע פון זיי ברענגט זיי נאַרונג — און איין מוראַשקע איז אין דער צווייטער מוראַשקעס וועג געגאַנגען . . .

## די שפּין

אַ שפּין, וואָס האָט איבער אַ פרילינג־קוסט איר שפּינוועבס געשפּינען; האָט פון די נייע פליגעלעך געדיינקט, וואָס זי וועט אין שפּינוועב־נעץ פאַנגען — האָט אין פרימאָרגנדיקן טוי, אונטער דער פרילינג זון, ווי אַ זילבערן בלומל דאָס גרויע שפּינוועבס געשימערט — און די שפּין פון פרימאָרגן אָן האָט די גרויע פעדעמלעך פאַר די פליגעלעך פאַרצויגן, און זיי פאַר די פיסלעך אָנגעכאַפּט —

האָט זיך די שפּין געטראַכט:

ווי שיין איז דער פרילינג פאַר דער וועלט — —

ווען דער זומער איז געקומען. האָט די שפּין, דאָס שפּינוועבס שטאַרקער געוועבט, ס׳זאָל די גליענדיקע זון די פעדעמלעך נישט דורכברענען, זיי וועלן די פליגעלעך נישט קענען האַלטן — האָט אין באַגינענדיקן טוי איר שפּינוועבנעץ זיך דורגעפייכט און נאָכדעם ווי די זון האָט דאָס שפּינוועב דורכגעבריט, האָט די שפּין אַביסל אין שאָטן זייט פון קוסט די פעדעמלעך ווייטער געצויגן, און די פליגעלעך פאַר די העלדזלעך אָנגעכאַפּט —

האָט זיך די שפּין געטראַכט:

ווי שיין איז דער זומער פאַר דער וועלט — —

האָט די שפּין ביז סוף זומערדיקן האַרבסט איבערן קוסט געשפּינען און איר שפּינוועבס געהיט — נאָר, דער האַרבסטיקער רעגן, האָט טריפנדיק, דאָס שפּינוועבס דורכ־געווייקט און לעבער אין שפּינוועבס דורכגעפּרעסן; האָט עס די שפּין נישט געלאָזט איינרוען און מיט שטעכנדיקע שפּיזעלעך, האָט די שפּין די לעבער פאַרוועבט, פאַר איר ווייטערדיקן רויב — האָט דער האַרבסט ווינט מיט אָפּ־פאַלנדע בלעטער, דאָס שפּינוועבס פאַרוואָרפן; האָט די שפּין אויף די טויטע פאַרוועלקטע בלעטער אויפסניי איר שפּינוועבס פאַרצויגן און די פליגעלעך געפאַנגען —

און די שפּין האָט זיך געטראַכט:

ווי שיין איז דער האַרבסט פאַר דער וועלט — —

אַז דער ווינטער איז געקומען און דעם קוסט אין גאַנצן מיט שניי פאַרשאָטן, האָט אויפסניי די שפּין ערגעצוואו אויף אַ סטעליע, איר שפּינוועבס פאַר די פליגעלעך פאַר־צויגן —

און די שפּין האָט זיך געטראַכט:

ווי שיין איז דער ווינטער פאַר דער וועלט — —

## דאָס זשוקל

אַ גרין זשוקל, וואָס האָט צווישן גרינגראָז זיך אויפ־געצויגן, איז אַזוי גרין געגאַנגען אָנגעטאָן, אַז מען האָט דאָס זשוקל נישט מער, ווי אַ גרעזל דערקענט — האָט אַ גאַנצן זומערדיקן טאָג דאָס זשוקל אַרום געשפּרינגען; נאָר, דאָס גראָז אין פעלד, איז היים און טרוקן געווען און איז אָן

ווינטעלעך געשטאַנען; זיינען פֿאַר הורשטיקייט די שפּיץ־גרעזעלעך מיד אַראָפּ געהאָנגען און דאָס זשוקל מסתמא אויך אַזוי דורשטיק, וואָס די זון האָט עם געבּריט, איז ווי אַ דערשוויצטער רייטער, בּיסקל צו די קילע קוסטן צוגע־שפּרינגען. האָט זיך אַ הייסן זשוזש־זשוזש־זשוזשעריי פֿון זשוקל, מיט נאָך אַנדערע גראָז־שפּרינגערס צווישן די קוסטן זיך געהערט. זיינען פֿאַרשוויצטע אינגלעך, צו די קילע שאָטנס פֿון די קוסטעס זיך אָנגעלאָפֿן — און מיט די זשוק־לעך זיך געגלוסט צו שפּילן און געוואָלט זיי כאַפּן. האָבּן די גראָז־שפּרינגערס אין שפּרינגעריי זיך געלאָזט, און די אינגלעך נאָך זיי זיינען נאָכגעשפּרינגען —

נאָר, אַזוי ווי די זשוקלעך זיינען געווען גרינגראָזיק אָנגעטאָן, מען זאָל זיי נישט דערקענען — האָבּן זיי אַוויל זייער זשוזשעריי אויפגעהערט און נישט אַ פּיפּעץ געטאָן, מען זאָל זיי אויך נישט הערן —

אָבּער, די אינגלעך האָבּן זיך נישט געלאָזן פֿון זיי נאַרן — און מיט אָפּגעבּראָכענע צווייגלעך אין די הענט, האָבּן זיי אין די קוסטעס געקלאַפּט — זיינען ווידער די גראָז־שפּרינגערס צוריק אויפן פֿעלד, אונטער דער גליענ־דיקער זון זיך געשפּרינגען — נאָר, איין אינגל, וואָס האָט פֿלינק אַ זשוקל אַ כאַפּ געטאָן און מיט גרויס געפּילדער געוואָלט די אַנדערע אינגלעך ציינגן, איז ווי דערשטוינט גע־בּליבּן שטייען, וואָס דאָס זשוקל האָט פֿון זיין האַנט זיך אַרויס געריסן, און די פֿליגלעך אין זיינע פֿינגער איבּער געלאָזן — — און אַזוי איז דעם זשוקל אָן פֿליגל ליבּערשט געווען, נאָר, צו קענען זיין אויף דער פֿריי . . .

# דאָס אינגל און די פראָש

אַ לאַנג, שמאָל סאַזשעלקעלע, איז אין אַ וועלדל צווישן בוימלעך און קוסטעס שטיל געפלאָסן — און פלאַך איז דאָס וואַסער געווען, וואָס אַ שעפּ האָט זיך מוטנע מיטן גרונט אָנגעשעפּט, נישט צום טרינקען. האָט עמיצער דאָרט שלענגלער געזוכט, וואָס זאָלן גוט זיין פיש צו פאַנגען. נאָר, אויבן אויף האָט דאָס סאַזשעלקעלע קריסטאָל־קלאָר פון קוואַל געקוואָלן און געלאָקט אַרויפצו. פון וואַנען ס׳האָט ערגעצוואו פון אַ פעלזן־שפּאַלט אַרויס געשטראָמט און אַלע דורשטיקע מיט פריש קוואַל וואַסער אָנגעטרונקען. האָבן זיך קינדער אַרום דער סאַזשעלקע געשפּילט, אַ טייל קינדער האָבן וואַלד בלומעלעך געריסן און אַ טייל קינדער האָבן איינעם געהאָלפן שלענגלעך אויסצוגעפינען. נאָכדעם ווי זיי האָבן זייערע ברודיקע הענטלעך און פאַרשוויצטע פנים׳לעך אין קאַלטן וואַסער אָפּגעפרישט; זיינען זיי דורשטיקע געגאַנגען זיין קוואַל אויסגעפינען, פון וואַנען די סאַזשעלקע ציט זיך. אויפן וועג, וואו אַ קילקייט האָט פון שאָטן־זייט זיך געצויגן און די סאַזשעלקע, איז גרעסער און אויך טיפער געווען, ווייל די שעפּ האָט זיך מער ניט מוטנע אָנגעשעפּט — און איז שוין ריינער געווען צום טרינקען, איז אָבער אַ פראָש דאָרטן געווען — האָבן די קינדער זיך ווידער גע׳מיאוס׳ט צו טרינקען, וואו אַ פראָש איז אין וואַסער אַרום געשווימען.

האָט אַ אינגל די פראָש געכאַפּט און אין אַ מילך פלעשל מיט אַ ברייט העלדזל איר אַריין געלאָזן. האָבן די אַנדערע קינדער געשריען — : זע נאָר ווי די פראָש מאַכט מיטן מויל, זי וועט אונדז פאַרשעלטן, זי קען

אָן וואַסער נישט לעבן — גיכער זאָל ער די פּראָש גיין לאָזן! אָבער, דאָס אינגל האָט זיך איינגעשפּאַרט — : ער וועט איר דאָרטן בײַם קוואַל אַ פרישן טרונק געבן — נאָר אוים רחמנות צו די פּראָש, האָט דערוווייל אַנאַנדער אינגל, אַביסל וואַסער פון די סאַזשעלקע, אין פלעשל אַריינגע־גאָסן — האָט די פּראָש אויף צוויי אונטערשטע פיסלעך זיך געשטעלט און אַרויפצו זיך געצויגן און געוואָלט אַרויס, איז אָבער צו ווינציק וואַסער אין פלעשל געווען, זי זאָל קענען אַרויף שווימען — נאָר, דאָרטן בײַם פעלז, וואו דער קוואַל האָט אַרויס געשטראָמט און יעדער האָט אַ שעפּ גע־קענט אונטער שטעלן; האָט דאָס אינגל מיט די פּראָש, זיין פלעשל אונטער געהאַלטן — אָבער, באַלד איז די פּראָש אויבן אויף פון פלעשל געווען און נישט מער בײַם אינגל. און געשווינדט, איז די פּראָש צו די סאַזשעלקע צו גע־שפּרונגן — האָבן די אַנדערע אינגלעך געלאַכט — :

די פּראָש האָט גענוג פריש וואַסער אין די סאַ־זשעלקע — און דאָס אינגל האָט שוין צו רו געלאָזן די פּראָש — און מיט אָפּגעריסענע בלומעלעך פון וועלדעל, פריילעך אַהיים געגאַנגן.

## דאָס קונדס׳ל מיטן גאָס רעגן

אַ גאַנצע וואָך, איז דער הימל אַ שטיק וואָלקן־בראָך געווען, אָן אָן אויפהער האָט ס׳מבול געגאָסן — און דער ווינט האָט געקערט וועלטן, וואָס האָט אַ הונט אויפן גאָס פאַריאָגט. האָט דער קליינער קונדס׳ל, וואָס פלעגט אַלעמאָל אין דרויסן זיך שפּילן, האָט ער איצט דורך

די פֿאַרגאַסענע שויבן אַרום געקוקט און אַזוי פיל קשיות געפרעגט — : פון וואַנען נעמט זיך אַזוי פיל רעגן ? נישט אַנדערש, נאַר, דער ים האָט זיך אויסגעגאָסן — האָט זיין מאַמע פון אים געלאַכט, ווען דער ים גיסט זיך אויס, וואָלט ער די גאַנצע וועלט פאַרטרונקן —

האָט דער קליינער קונדס'ל, וואָס האָט שוין עפּעס גע־לייענט פון מעשה־בראשית, אַז די וועלט דרייט זיך און דער ים, ווי אַ גלאָז וואַסער גיסט זיך נישט אויס — האָט זיך אים אַצונד אויסגעדאַכט, אַז אין פינסטערניש פון אַזאַ כמאַרע זעט זיך די וועלט נישט צו דרייען, טוט זיך דער ים אויסגיסן — האָט דאָס קונדס'ל פלינק אַ גלאָז וואַסער אָנ־געגאָסן און גענומען'ס'גלאָז מעכאַניש אַרום דרייען און אַר־גומענטירן — און אין מיטן פון זיין שנעל באַוועגן דאָס גלאָז וואַסער אַרום, ביז אַביסל פּאַמעליכער, האָט זיך עס אָנגעהויבן אויסצוגיסן —

האָט דאָס קונדס'ל אַ זאָג געטאָן — : אַהאַ !

דאָס גלאָז וואַסער, ווי דער ים גיסט זיך אויס, ס'איז פינסטער, זעט זיך די וועלט נישט צו דרייען — ביז אַן אומ־געשיקטליכן באַוועג האָט זיין גאַנצן גלאָז וואַסער קאַפּויר געגאָסן —

האָט זיין מאַמע אויף אים אַ געשריי געטאָן — : סעמעלע !

פאַרדריי מיר נישט קיין ספּאָדעק, ברענגסט מיר ס'מבול אין שטוב אַריין !

און זיין מאַמע האָט סעמעלן אַ שטיקל לעקציע געגעבן, אַז דער רעגן קומט פון פּאַרע — — איז סעמעלע געגאַנגען אין די ביכער אויסגעפינען, וואו קאָכט זיך אין דער וועלט

אַזאַ גרויסער טאָפּ וואַסער? וואָס זאָל אויספּאַרן אַזאַ גאַס־רעגן — ער זאָל נישט קענען דרויסן מיט אַנדערע קינדער זיך שפּילן.

## דער וואָלקן מיט דער לבנה

א וואָלקן האָט מיט דער לבנה זיך געשפּילט —

אַ דינער דורכזיכטיקער וואָלקן, וואָס האָט איבערן פאַרנאַכטיקן הימל געהאָנגען, האָט אין אָוונט מיט דער לבנה אין קינאָ־מאַטעגראַף געשפּילט — און די קינדער׳שע פאַנטאַזיע גערייצט — האָט אויפן וואָלקן־גרויען ליילעך, וואָס אין דער לופטן זיך געשפּרייט, אַלעמאָל עפּעס אַנדערש, די לבנה זיך אויסגעדאַכט, האָבן ביידע מיט זייער באַוועגונג, אי דער וואָלקן, אי די לבנה, די באַוועגליכע בילדער געצייגט — און אַ פרייע „מואווי" האָט דער הימל מיט זיך פאַרגעשטעלט פאַר דער וועלט —

האָט די לבנה ביסלעכוויז פון אונטערן וואָלקן זיך אַפּויר געריקט, נאַר, אַ גרוי־ווייס פיצל וואָלקנדל, ווי אַ פודל־הינטל די גרויס, האָט זיך איר אויפן שטערן אַרויפגעשטעלט, און אַ שוואַכער דונער האָט ווי אַ ביל געטאָן אויף דער לבנה, האָט איר גרוי־געל־געזיכט זיך געלאָשן, ביז אונטערן וואָלקן זיך פאַרשאַרט; אָבער באַלד, ווי נייגעבוירן יונג און שיין, און מיט גרינג באַוועגונג, האָט די לבנה איר שפּיץ־קאָפּ פון באַהעלטענעם אויפסניי אַרויסגעשטעקט —

האָט ווידער דער וואָלקן, די לבנה מיט אַ שטיקל וואָלקן־פאַס, די אויגן איר פאַרבונדן, האָט די לבנה אין

בלינדע־קו — געשפּילט פאַר דער וועלט, ביז אין אַ וואָלקן ברוינעם ערגעץ פאַרשוואונדן; האָט אַ בליק, ווי אַ שוועבעלע אָנגעצונדן און איר אויפגעזוכט — האָט יעדעס מאָל די לבנה׳ס געשטאַלט אַנדערש זיך געביטן —

נאַר, אַ קונדס׳ל, וואָס האָט זיך אַזוי צוגעקוקט, צו דער פרייער מוּאווי־שפּיל, האָט געפּרוּווט טרעפן, וואָס פאַרע פאַרשטעלונג וועט זיך ווייטער אָפּשפּיגלען — און יע־דעס מאָל ווען די לבנה איז פון אונטערן וואָלקן אַפּויר גע־שווימען, האָט ער פלינק, איינפאַלנד, וואָס אין פאַנטאַזיע זיך געמאָלט — : אויסגעשריגן !

אָט, איז די לבנה אַ בלינדע — און אָט אַ זעעוודיקע, אָט שטעלט זיך אַ הינטעל אַרויף און אָט אַ קעצעל — און ווען נישט דער וואָלקן, וואָס האָט זיך דיקער פאַרצויגן, און האָט שוין אין גאַנצן די לבנה פאַרשטעלט — וואָלט דאָס קונדס׳ל נישט אָפּגעטראָטן פון זיין נייגעריגן־שפּיל.

## דאָס אינגל מיטן בלעזל

אַ אינגל האָט אַ גראַשנדיק בלעזל אָנגעבלאָזן, און פילקע דערמיט געשפּילט — נאָכדעם, האָט דאָס אינגל זיין בלעזל צו אַ שטריקל צוגעבונדן, און נאָך אַ לופט־באַלאָן עם נאָכגעלאָזן. ווען דער ווינט האָט ווייט פאַרטראָגן דעם לופט־באַלאָן, וואָס האָט שוין אויסגעקוקט, ווי אַ פּינטעלע פאַרן אויג, און דאָס גראַשנדיק בלעזל, וואָס דאָס אינגל האָט ביים שטריקל געהאַלטן, האָט זיך מער אַרוים געזען. האָט דאָס אינגל מיטן שטריקל אין האַנט, אַרום געשפּרינגען און געפּילדערט — : מיין לופט־באַלאָנדל, איז גרעסער, ווי

יענער לופט־באַלאָן! און געוואָרפן אַלץ העכער דאָס שטריקל אין דער לופטן, זיין באַלאָנדל זאָל נאָך גרעסער אויסזען —

ווען דער לופט־באַלאָן, האָט זיך אָבער, אַראָפּ, געלאָזן נידעריגער, און איז געוואָרן גרעסער און גרעסער, האָט דאָס אינגל זיין בלעזל מיטן שטריקל אויך אַראָפּ געצויגן, זיין לופט־באַלאָנדל, זאָל אויך גרעסער אויסקוקן —

נאָר, מער ווי אַ גראָשנדיק בלעזל, האָט עס ניט אויסגעזען —

אָבער, דאָס אינגל איז געגאַנגען אויסרעכענען און אויסמעסטן די לענג פונם שטריקל —:

ביז ווי לאַנג דאַרף דאָס שטריקל זיך ציען?

און ביז ווי הויך דאַרף דער לופט־באַלאָן פליען?

אַז זיין לופט־באַלאָנדל, זאָל פון וויטן אויסקוקן גרעסער, ווי יענער לופט־באַלאָן...

## דער קליינער שפּילער

אַ אינגעלע האָט זיך געשפּילט — און צווישן אַלע שפּילערייען, האָט ער יעדעס מאָל, פּאַר עפּעס אַנדערש זיך פאַרגעשטעלט — און זיך צו גרימירט. האָבן די אַנדערע אינגלעך „עדי־קענטער״ אים גערופן, ווייל דאָס אינגעלע, האָט עדי־קענטער נאָכגעמאַכט — און ווען דעם אינגעלע איז מיאוס געוואָרן דעם נאָמען, האָט ער אין מיידלשע קליידלעך זיך פאַרשטעלט — און זיינע ראָלן געביטן — האָבן די מיידלעך „מאַלי־פּיקאָן״ אים גערופן, ווייל דאָס אינ־

געלע האָט מאַלי־פּיקאָן נאָכגעמאַכט — איז אָבער דעם אינגעלע דעם שפּיל אויך דערעסן געוואָרן — און האָט זיין אייגענע פאַרשטעלונג, פון זיין קינדערשע פאַנטאַזיע גע־לאָזט וואויל גיין — זיינען די צושויערלעך זיינע, וואָס האָבן קיינמאָל אין קיין „מואווי" אַזאַ שפּילן נישט געזען, און נישט געוואָלט צוטרויען זיך צו זיינע קונצן — אָנגע־הויבן פון אים אָפּצולאַכן, און אויפגעהערט מיט אים זיך צו שפּילן. האָט דאָס אינגעלע אַ פאַרשעמטער, זיך געפּלייסט— און פאַר זיין מאַמען זיך אויסגערעדט, אַז זי זאָל זעען, ווי ער שפּילט — און מיט זון פלאַטערנדיקע אויגעלעך, ווי אַ שיינענדיק לאָמטערנדל, האָט דאָס אינגעלע אין מיטן זיין עקטן, די הענטלעך און פיסלעך, און אין גאַנצן צום טאַקט זיך געהוידעט, איין טאַנצנדיק־שפּיל — און זיין מאַמע צו־שויערן, האָט אַלעמאָל בראַוואָ געפּאַטשט, פאַר איר אינ־געלע, מיט זיינע אייגענע איינפּעלע, וואָס שפּילט שטענדיק פאַר דער מאַמען גוט.

## יאָסעלאָ

ווען יאָסעלאָ איז געווען אַ שטאָט־קינד — און אַלץ אין איין קאָליער האָט געשיינט פאַר אים — האָט זיין מאַ־מע נישט געהאַט דעם קינד'ס וואונדער מיט וואָס צו רימען — אָבער אַנדערש איז געווען, ווען זיין מאַמע האָט יאָסעלן אויף איר וואַקאַציע מיטגענומען; און יאָסעלאָ האָט צום ערשטן מאָל דערזעען, ווי אַ קו זעט אויס — אָדער, ווי דער אַלטער „פאַרמער" זעגט אונטער אַן אַלטן בוים; און דעכעט אָפּ מיט שווערן אָטעם; און נאָך אַנדערע

דאַרפישע זאַכן, וואָס אין שטאָט זעט מען דאָס גאָר ניט — און אַפילו דאָס דונערן און בליצן, וואָס יאָסעלאַ האָט אין דאָרפישן הויז געהערט און געזען, האָט זיך שטאַרקער איינגעקריצט אין זיין קעפּעלע — .

און ווען יאָסעלאַ איז אַהיים געקומען און דער פאָטער האָט יאָסעלן געפרעגט — : יאָסעלאַ! ווי מאַכט די קו? האָט יאָסעלאַ נאָכגעמאַכט — : די קו מאַכט מו! מו! און דער דונער מאַכט — : בו! בו! און ווי מאַכט דער פאַר-מער ביים אונטער זעגן אַ בוים? הו! הו! אַזוי האָט יאָ-סעלאַ זיך אויסגעלערנט נאָכמאַכן יעדער זאַך, וואָס ר׳האָט בייגעוווינט — נאָר, דאָס פייפן פון פאַבריק האָט יאָסעלאַ נישט געקענט פאַרשטיין; און אַלעמאָל ווען דער פאָטער האָט געאַרבעט; און די פאַבריק האָט געפייפט, האָט זיין מאַמע אים געזאָגט — : הערסט יאָסעלאַ! די פאַבריק פייפט! דער טאַטע קומט באַלד — האָט יאָסעלאַ די מאַ-מען געבעטן זי זאָל אים ווייזן.דעם פייפער פון פאַבריק, ער וויל זען ווער פייפט דאָרט? איינמאָל האָט די מוטער יאָסעלן מיט גענומען צום פאַבריק; און אָפּוואַרטנדיק דעם פאָטער צום אַהיים גיין — האָט יאָסעלאַ דערזען, ווי ס׳גיט אַ זעץ אַרויס אַ געדיכטע פאַרע; און לאָזט איינוועג׳ם אַזאַ גרילציקן פייף אַרויס, אַזש יאָסעלאַ האָט אַ ציטער געטאָן און זיך פאַרקרומט פון דעם געוואַלטיקן קוויטש אַרויס — און ווען דער פאָטער האָט נאָכדעם יאָסעלן געפרעגט — : יאָסעלאַ! ווי מאַכט דער פייפער פון פאַבריק? האָט יאָ-סעלאַ אַ קוויטש געטאָן מיט אַזאַ גרימאַסע, אַז דעם פאָ-טער האָט שוין אָפּגענומען דעם חשק אים נאָך אַמאָל צו פרעגן; און יאָסעלאַ האָט נישט מער געוואָלט נאָכמאַכן דעם פייפער פון פאַבריק . . .

# לייבעלע און ליבעלע

לייבעלע און ליבעלע — שוועסטערל און ברודערל, שפּילן זיך מיט אייגן-געמאַכטע שפּיל-זאַכן. האָט דער פאָטער נישט מיט וואָס צו קויפן — האָט ער אַליין אויסגעשניצט — : טישעלעך און בענקעלעך, בעטעלעך און ליאַלקעלעך און נאָך אַנדערע זאַכעלעך — פרייט עס די מאַמען, וואָס די קינדערלעך האָבן אויך שפּילעכלעך. צוטיילט ליבעלע די שפּיל-זאַכן: דאָס טישעלע מיטן בענקעלע גיט זי לייבעלען, דאָס בעטעלע מיטן ליאַלקעלע נעמט ליבעלע, פאַרשפּילט אַזוי ליבעלע — לייבעלן.

איינמאָל איז ליבעלע אין קראַנקן בעטעלע געלעגן — האָט די מאַמע אַלע שפּיל-זאַכן ליבעלן געגעבן, זאָל זיך אַ געזונטעלע אין אירע ביינדעלעך פאַרשפּילן — האָט לייבעלע נאָך די שפּיל-צייג געוויינט, האָט ליבעלע די מאַמען אָפּגעגעבן די שפּיל-צייג פאַר לייבעלן, און אַליין דאָס קעפּעלע אויפן קישעלע געלייגט — האָט די מאַמע געזאָגט: שוויינ-לייבעלע — ליבעלע איז קראַנק! דער דאָקטאָר קומט! האָט לייבעלע צוריק געבריינגט די שפּיל-זאַכן ליבעלן; און לייבעלע האָט ביים טיר זיך געשטעלט האָרכן, ער האָט אויפן דאָקטאָר געוואַרט; און לייבעלע האָט ביים טיר דעם דאָקטאָר גערופן:

דאָקטאָר! ליבעלע איז קראַנק! אונטערן בעטעלע ליגן די שפּילעכלעך! נאָר, געשווינד האָט דער דאָקטאָר זיך געאיילט, גיך אָפּפּאַרטיקן דאָס אָרעם-הויז און ביים טיר אויסגעמיטן לייבעלן — ווי ניט אין זין אים געלעגן, וואָס דאָס אָרעמע לייבעלע, האָט פאַר זיין קראַנק ליבעלע

אין זייט אַוועק געלייגט די שפּילעכלעך — און לייבעלע איז אין אַ ווינקעלע אַוועק געלאָפן און זיך שטאַרק אויפסנײַ צעוויינט פון זיין נישט אָנזעעוודיקייט . . .

## דער עלעקטרישער בעזים

אַן עלעקטרישער בעזים, וואָס לאָזט קיין זאַמדל פון זיינע ריטלעך נישט אַרויס, און קלויבט יעדע שטויבל אויף, האָט אין שפּיטאָל אויסגעקערט. האָט דער בעזים ביים אויסקערן זיין ניגון געזשומט, און זשומענדיק געקערט —

נאָר, פון בעט צו בעט, האָט דאָס זשומען פון בעזים, מיט די קרעכצן פון די קראַנקע — אין איין ניגון זיך אויס־געמישט. איז אַ קראַנקן קאָליע־מאַן אומעטיג געוואָרן דער ניגון, האָט ער זיין פאָנאָגראַף מאַשינדל, צום שפּילן אָנגע־שטעלט, און אַ דזשעז־טאַנץ האָט אין מיטן זיך געלאָזט הערן, האָט עפּעס געפּעלט, עס זאָל עמיץ אַ טאַנץ טאָן — און דער קאָליע־מאַן האָט זיינע קאָליעס צום טאַנצן גע־שיקט; האָבן טאַנצנדיקע קאָליעס אונטערן אָרם פון אַ קראַנקן־שוועסטער, רונד אַרום זיך געדרייט, און די קראַנ־קע אין שפּיטאָל אַמוזירט —

און דאָס פאָנאָגראַף מאַשינדל האָט געשפּילט, מיט די קראַנקן־שוועסטער אַנאַנדער ניגון . . .

# דער שמעטערלינג

אַ פויגעלע, איז אַרום אַ שמעטערלינג אַרום געפלויגן, צו ווייל ס'האָט געוואָלט עס אויפפיקן, צו דערפאַר, וואָס האָט געגלוסט זיך אַ שפּיל צו טאָן — האָט דער שמעטערלינג אויף אַ פאַרקאָן זיך אָפּגעשטעלט, איז דאָס פויגעלע אויך צום פאַרקאָן צוגעפלויגן, און מיטן שנעבעלע געוואָלט דעם שמעטערלינג אַ שנעל טאָן, נאָר, האָט נישט געטראָפן — איז פלינק דער שמעטערלינג אין אַן אָפענע פענסטער אַריין געפלויגן — אָבער, דאָס פויגעלע האָט נישט געוואַגט נאָכצופליען, ווי ס'וואָלט אַליין פאַר ווענען זיך געשראָקן — מען זאָל עס נישט אין אַ שטייגעל פאַנגן.

האָט אַ קונדס'ל אין שטוב דעם שמעטערלינג דערזען, און זיך געלאָזט אים כאַפּן, איז געשווינד דער שמעטערלינג צוריק אַרויס געפלויגן, און פלאַטערנדיק זיך אַרום געקוקט, צו מען יאָגט זיך נישט ווידער אויף אים. האָט דער שמעטערלינג אַזוי געשוועבט, ביז אויף אַ בלומל זיך געשטעלט אָפּרוען —

נאָר, איידער ער האָט פאַרזוכט אַביסל בלומען זאַפט— האָט ער דערהערט, ווי אַ בין בייז־זשומענדיק, איז אָנגעפלויגן, און אים געוואָלט אַ שטאָך טאָן, וואָס דער שמעטערלינג, איז אין זיין גבול אַריין — איז אויף גיך דער שמעטערלינג פון דאַנען אויך אַוועק, און זיך געטראַכט, וואו קען מען פריי און אומגעשטערט, דעם טאָג זיך אויסלעבן . . .

# צוויי שמעטערלינגן

צוויי שמעטערלינגן, האָבן רונד אַרום געפלאַטערט.

האָט יעדע איינע די אַנדערע געוואָלט אָן איר זוים זיך אָנרירן —

האָט זיך דאָס ווירבל־געדריי פון די צוויי שמעטער־לינגן, אונטער דער זומער־זון, אין אַזאַ ליבעס־שפּיל און ליבעס־טאַנץ זיך געטראָגן —

ווען זיי זיינען מיד געוואָרן פון אַרום פלאַטערן, האָבן ביידע שמעטערלינגן אויף אַ בלומען־בייט, זייער פליגל אויסגעשפּרייט, און זייער מאָל־צייט געהאַט גרייט.

נאָכדעם, האָבן די צוויי שמעטערלינגן צום קילן ווינ־טעלע זיך געלאָזן, וואָס האָט פון טייכל געבלאָזן, זיינען זיי איבערן טייכל אין דער לופטן אַרום געפלויגן, אָבער, אַנדער־רע צוויי שמעטערלינגן פון וואַסער, האָבן זיי אַנטקעגן געשפּיגלט, און דער אָפּשיין פון זייער שאָטן, האָט זיי געלאָקט — אַזש ביז צו דער אויבער־פלאַך פון וואַסער זיך אַראָפּ געלאָזן —

און ווען זיי האָבן קיין אַנדערע שמעטערלינגן ניט מער געזועען —

זיינען זיי ביידע ווייטער אַוועק געפלאַטערט, דעם גאַנצן זומער־טאָג צו געניסן.

# דאָס הינטעל מיטן קעצעל

אַ הינטעל האָט נאָך אַ קעצעל זיך געיאָגט. האָט דאָס צעשראָקענע קעצעל לויפנדיק זיך אומגעקוקט — ווען דאָס הינטעל, איז שוין נאָענט געווען, און האָט עס געקענט אָט־אָט, באַלד כאַפּען, איז דאָס קעצעל פלינק און גרינג, ווי אַ „סקוואָוירל״ אויף אַ הויכן דאַך אַרויף געכאַפּט זיך —

האָט דאָס הינטעל אויך געפּרואווט זיך אַרויף דראַפּען, אָבער, מער ווי אויף צוויי פיס אויפשטעלן זיך, ביז דער עק, איז אַראָפּ געהאָנגען, איז עס ווייטער נישט געגאַנגען.

האָט דאָס הינטעל צום קעצעל אויפן דאַך אַרויפגעבילן, נאָר, דאָס קעצעל אויפן שפּיץ־דאַך, איז געשטאַנען, און שפּיזנדיק מיט די קעצישע אויגעלעך, האָט זי חוזק'דיק אַראָפּ געקוקט, ווי קליין דאָס הינטעל איז אַנטקעגן קעצעל, און אין דער הייך האָט זיך דעם קעצעל, נאָכדעם אויסגעדאַכט — אַז דאָס הינטעל, איז נישט גרעסער, ווי אַ מייזל; און דאָס קעצעל מיטן קורצן זכרון, איז עס געלאָפן פלינק כאַפּן.

האָט זיך מיט געשיקטקייט דאָס קעצעל צו דער מויז זיך געלאָזט — נאָר, אַראָפּ צו, איז דאָס הינטעל גרעסער אין די אויגן איר געוואָרן, און דאָס קעצעל טאַמעוואַטע, צוריק צעשראָקן, איז אויף אַ נידעריג ביימל אַרויף געשפּרינגען.

דאָך האָט זיך דאָס קעצעל גדלות'דיק געהאַלטן אַנטקעגן הינטעל, וואָס קען איר ניט דערגרייכן —

און דאָס הינטעל האָט ווידער אַרויפגעבילן צום קעצעל אויף שפּיץ ביימל.

# דער קרעמער מיט די קאַץ

אַ קרעמער האָט אין זיין שפייז קראָם, אַ קאַץ פאַר אַ שומר געלאָזט, זי זאָל איבער נאַכט אַכטונג געבן — זיינען אין דער פינסטער, די הונגעריקע מייזעלעך געקומען, און געוואָלט די שפייז אויפעסן.

האָט די קאַץ, וואָס איז פון ביטאָג געווען זאַט אָנגעגעסן, געפוילט זיך אויפצוהייבן, די מייזעלעך צו כאַפּען —

נאָר, בלויז מיט אַ גרינגן אָפּשאָקלען זיך, זיי איבער געשראָקן — זיינען די מייזעלעך טויט-הונגעריק אין די מייז-לעכער אַנטלאָפן, און צעשראָקן זיך געלעגן, אָבער, דער הונגער, האָט זיי נישט געלאָזן איינליגן — האָבן זיי יעדעס מאָל אַנאַנדער מויז אַרוים געשיקט זעען — : צו די קאַץ זעט נישט — ווען די קאַץ האָט שוין זיס געדרימלט; זיינען די מייזעלעך פון די נאָרעס אַרוים, און אין שפייז-קראָם אַריין — פאַרטאָג, איידער דער קרעמער, איז אויפגעשטאַנען, האָט די קאַץ שוין געהאַט מיט אירע לאַפּקעלעך זיך אַרום געוואַשן, און האָט אין אַן אויסגעגעסן זעקלמעל, וואָס די מייז האָבן דאָרט צורעכט געמאַכט — איר גאַנצן קעצישן געזיכט זיך איינגעמעלט, און ערשט, וואָס אַרומגעזוכט — —

און די פריש אָפּגעפּאָדערטע קאַץ, האָט אין פענסטער פון קראָם זיך אַריינגעזעצט, ווי פאַר אַ וואונדער, ווע‍מען צו איבעראַשן — און אויפן קרעמער אויסגעקוקט — און אים געוויזן, ווי גוט זי דערשנאַפּט, וואו די מייזעלעך קומען אהין — —

האָט דער קרעמער די קאַץ געגלעט, אויף וואָס פאַר אַ געטרייער שומר, ער האָט זיך צו פאַרלאָזן . . .

## די פאַלשע מטבע

אַ פאַלשע מטבע, וואָס עמיצער האָט פאַר גאָלד אויס־געטוישט — האָט געוואַנדערט פון איינעם צום אַנדערן, אַלץ דערפאַר:

— האָסט מיך גענאַרט

— האָב איך דיך גענאַרט

איינמאָל איז די פאַלשע מטבע צו אַן אָרעמאַן אַריינ־געפאַלן; האָט דער אָרעמאַן צווישן אַנדערע מינץ די פאַל־שע נדבה אַריינגעלייגט — האָט די פאַלשע מטבע זינדיג געטראַכט:

אָט־דאָ — וועל איך מיך שוין אויסלייטערן:
ווער ווייסט? די ווייסע דער אָרעמאַן אָפּצונאַרן?

אַז דער אָרעמאַן האָט די בעטלער־גראָשנס איבער גע־ציילט און די פאַלשע מטבע דערקענט, האָט דער אָרעמאַן געזאָגט:

— פאַראַן נאָך אַ גרעסערער אָרעמאַן ווי איך בין

און דער קלענערער אָרעמאַן האָט דעם גרעסערן די פאַלשע נדבה אַוועק געשאָנקן —

האָט דער גרעסערער אָרעמאַן זיך גע׳חידוש׳ט

אַ סך אַזעלכע מטבעות האָבן זיך ביי אים שוין אָנגע־קליבן, וואָס קיינער וויל אין האַנט ניט נעמען, אים איז אָבער אַ שאָד געווען די מטבעות אַוועק צו וואַרפן, און ער האָט זיי ליבערשט אין אַ צדקה־פושקע אַריינגעוואָרפן— —

ערב־יום־כיפור, האָט דער שמש, פאַרן רב די צדקה־פושקעס געעפנט און די פאַלשע מטבעות געפינען, האָט

דער רב דאָס גאַנצע געזעמל געשטראָפט, און מלקות גע־שלאָגן פאַר די פאַלשע מטבעות —

אָבער, די גוטע מטבעות האָט דער רב פאַר זיינע „כלי־קודש״ אויסגעטיילט, האָט ער נאָכדעם די שלעכטע מטבעות, וואָס זיינען איבער געבליבן, פאַר די אי־בעריגע שאַלאַטן־ שמשים אַוועק געגעבן —

און אַזוי קייקלט זיך די פאַלשע מטבע איבער דער וועלט . . .

## דער קנייפער

אַ קנייפער, וואָס האָט ליב געהאַט צו קנייפן גרויס און קליין, האָט אַליין פאַר זיך געקרימפּעלט, און געקרימ־פּעלט — און זיך געשטיקט מיטן טאָן, ווי איינער ווערגט זיך מיט אַ צו גרויסן ביסן, איז ער ווידער אַמאָל איבער געגאַנגען דעם שמיטציק, האָט דער קלאַנג זיך אָפּ־געהאַקט ווי פון אַ פאַרזשאַווערטע זעג, ס׳האָט אַ כריפּע געטאָן —

אַזוי האָט דער קנייפער מיט זיין „וואויל־קענעוו־דיקייט״ אויספּרובירט אַלע אינסטרומענטן, און געפייפט, און געצימבלט אויף אַלע כלים, וואָס ער האָט געהאַט צו פאַרקויפן — נאָר ווי אַ פאַכמאַן, האָט ער גענומען אַרויס ציִיגן זיין קענטעניס, ווען ער האָט אָנגעבאָטן איינעם פאַר זיין אינגעלע עפּעס צו לערנען שפּילן, האָט ער שוין דעם אינגעלע אַ קנייפּ געטאָן אין בעקעל, אַזש דאָס בחור׳על האָט מיט אַ קוויטש זיך אַרויס געריסן — האָט דער קניי־פער זיך זיס צעשמייכלט — :

כ'האָב גאָר נישט, ניט געמיינט, ס'איז אַ טייער אינ-
געלע!

און דאָס איז פאַר אים אַ טייער פידעלע —

אָבער, מיט ווילדער הנאה, האָבן זיך דעם קנייפערס
פינגער, מיט אַ גרויסנס אַ באַק אָנגענומען, אַז יענער האָט
זיך אַ פאַרקרום געטאָן פונם קנייפּ, און באַדאַנקט שיין
פאַר זיין טובה —

האָט זיך דער קנייפער שטאַרק צעלאַכט אויף אַלע
זייטן, פאַר זיין אײדעלע האַנט — —

איינמאָל, האָט זיך דעם קנייפער אויך פאַרגלוסט אַ
שפּאַס צו טאָן מיט איינעם, וואָס נישט זיינס-גלייכן —

און געוואָלט אויסדריקן באַוואונדערונג מיט זיין
קנייפּ —

נאָר יענער האָט זיינע פינגער אַ רים געטאָן, ווי אַ
סטרונע וואָלט געפּלאַצט —

האָט זיך דער קנייפער בלייך-דערשראָקן, וואָס דער
לאָזט זיך נישט קנייפּען —

נאָר, באַלד האָט יענער, אים אויך אַ זעץ געטאָן —
און זיך ענטשולדיקט — :

פאַרדאָן! כ'האָב געמיינט, אַז איר זייט מיין פייקל!

פון דאַמאָלט אָן, ווען דער קנייפער וויל עמיצן אַ קנייפּ
טאָן, טראַכט ער פריער — :

ווער? ווען? קען בעסער צימבלן?...

# דער אַלטער בחור

(אַ מעשה מיט אַ צויג)

דער אַלטער בחור, האָט זיך אויסגעהאָדעוועט אַ צויג.

פאַר הײמליכקײט — װילט זיך אים כאָטש אַ הינטישע צויג האָבן.

האָט ער די צויג צוגעבינדן צו זיך געהאַלטן, און מיט אַ דין קײטעלע אַרום געפירט. ס'איז זאָגט ער נישט קײן גאַסן־הונט, אַן אומלויף, װאָס זאָל האָבן מיט יעדן הונט צו טאָן — האָט זיך אָבער די צויג פון זײן האַנט געריסן, און אַזוי געװאָיעט ס'איז איר באַנג געװען, װען, זי האָט אַנאַנ־דער הינטעל געהערט — ביסקל דער צער־בעלי־חיים האָט דעם אַלטן בחור'ס האַרץ גערירט, און צו זײן צויג זיך צו געהערט — האָט ער זיך דערמאָנט, אַז נאָך עגאַל־הינטעל, אַ מאָפּסל פאַר זײן צויג, קען ער קריגן בײ אַן אַלט קינדער־לאָזע־פּאָר, װאָס האָבן אויך אויסגעהאָדעוועט זיך אַ הינ־טעל, און האַלטן עס אויך צום קײטעלע צוגעבונדן, און מסתמא װאָיעט עס פאַר אײנזאַמקײט, אַזוי װי זײן הינטעל —

איז דער אַלטער בחור, צום אַלטן קינדערלאָזן־פּאָר גע־גאַנגען, אויסלײען זײער הינטעל, פאַר זײן צויג'ס װעגן — און זײ פאַרזיכערט — :

ער װעט זײ מער, װי אײן הינטעל אָפּגעבן — —

אַזוי האָט דער אַלטער בחור בײדע הינטלעך, אויף בײדע קײטלעך צוזאַמען געבראַכט —

האָבן די הינטלעך זיך באַלד אַרום געלעקט און גע־שמעקט, ביז בײדע האָבן זיך געהאַט — —

שפּעטער, ווען די צווייג האָט דריי הינטעלעך געבוירן, האָט דער אַלטער בחור, צום אַלטן קינדערלאָזן-פּאָר, אַ טעלעגראַם, מיט אַן איינלאַדונג-קאַרט געשיקט און „פאַמיליאַר" זיי געבעטן —

צו דער „פּאַרטי" וואָס ער מאַכט — —

און מיט אַ ניי הינטעלע זיי באַשאַנקן . . .

## — שטויב —

אַ זאַמדל שטויב, וואָס האָט מיטן ווינט זיך אויפגע-הויבן, האָט אַזוי געדאַכט — :

עס האָט פליגל געקריגן —

און ווען דער ווינט, האָט פון דער הייך, דאָס שטויבל צו דער ערד געוואָרפן, האָט עס פאַר אַנדערע שטויבלעך זיך באַרימט — :

ווי הויך מיטן אָדלער צוגלייך, עס איז געפלויגן —

האָט זיך אַזוי דאָס שטויבל געגרויסט, ביז אַ מוראַש-קע האָט מיטן פּיסל, דאָס שטויבל אַוועק געשאַרט, און אַ מילבל אויף די פּלייצעס האָט עס אַוועק געטראָגן —

האָט דאָס שטויבל געטראַכט — :

וואַרט! וואַרט! דו פּיצונקע מילבעלע! זאָל נאָר, דער ווינט אונטערקומען, וועסטו! מיט איין אָטעם-צוג פון ווינט ניט ווערן — און מיך ביזן הימל דערהייבן —

און ווען דאָס מילבל האָט דעם ווינט דערשפּירט, האָט זי דאָס שטויבל גיין געלאָזט, נאָר דער ווינט האָט עס

אָבער, דעם מאָל אין אַ זומפּ פאַרקייקלט, איז דאָס שטויבל אין זומפּ געלעגן, און נאָך זיינע אַמאָלדיקע פליגל געבּיינקט, נאָר, עס האָט אין זומפּ מיט גרינעם מאָך געקלעפּט, נישט פון אָרט זיך צו רירן —

און אַלעמאָל, ווען דאָס שטויבל, האָט פאַר די גרינע פּיצלעך מאָך זיך געוואָלט בּאַרימען — האָבּן די דזשאַבּעס אין זומפּ פון „שטויבעלעס-פליגל" איבּער געקוואַקעט . . .

## דער טאָפּעל און דער דאָרן

אַ הויכער טאָפּעל בּוים, וואָס איז פונם טאָל בּיזן בּאַרג אויסגעוואַקסן, און זיינע צווייגן אויפן בּאַרג אויסגעשפּרייט — האָט מיט שטאָלץ אויף דער וועלט געקוקט, ווי גרויס ער איז פון נידעריגן בּאָדן געשטיגן — —

האָט זיך דערנעבּן בּיים זייט בּאַרג, אַ דאָרן צעלייגט, וואָס צווישן פויגל-מיסט, האָט זיך אפשר אַזאַ אָנשיקעניש פאַרשלעפּט, צו גאָר אַ מענטשליכע פּוס, האָט אַזאַ זאָמען פאַרטראָטן — —

האָט דער דאָרן, וואָס איז ניט געווען אומשטאַנד אַראָפּ צו בּליקן בּיזן טאָל, מיט פאַרשטאָכענע אויגן געזאָגט — :

„איך בּין אין איין גרוים מיטן טאָפּעל" —

האָבּן די פייגעלעך, וואָס זיינען פאַרבּיי געפלויגן, בּאַלד אָן זיין שטאָם דערקענט, אַז דאָס איז דער דאָרן מיט זיינע שטעך-ווערטלעך, און אים אויסגעמיטן, און האָבּן אויפן טאָפּעל זיך געשפּילט און געזינגען.

האָט דער דאָרן געקוקט קנאה׳דיק, און זיך בּאַרימט—:

איך מיט מיינע וואָרצלן האַלטן אונטער דעם זייט־באַרג, „וואָס וואָלט אויפן טאָפּעל אומגעפאַלן, מיט די פוי־געלעך צוזאַמען״ — —

האָט דער טאָפּעל אויף אַלע זייטן זיין גרוים, די צווייגן מיטן ווינט באַוואויגן, און מיט איין צווייג אַ לייכטן בלאָז איבערן דאַרנשן קאָפּ געגעבן, און מיט די בלעטער אַ שאָרך געטאָן — :

שאַ! שאַ! דו קליינער דאָרן!

נאָר, צוריקגעמענדיק די צווייג צו זיך, האָט דער טאָ־פּעל ווידערהאָלט — :

נישט ווערט גאָר אָן דאָרן זיך אָנצורירן —

דאָס האָבן די בלעטער זיך צוריסן פון דאָרן, וואָס האָט פון ערגעצוואו, אַהערצו זיך פאַרשלעפּט, אויפן פרעמדן קאַרק —

און דער טאָפּעל האָט מיט אַ פּיצעל צווייג אין שאָטן פאַרשטעלט זיין שכנ׳שן דאָרן . . .

## אַ געשליפן גלעזל

אַ ביליג געשליפן גלעזל, וואָס עמיצער האָט פאַר אַ מציאה איינגעהאַנדלט — אַנשטאָט׳ס אַ דימאַנט, האָט גע־פּוצט און געוואַשן דאָס גלעזל זאָל שיינען —

און ווען די זון איז אויפגעגאַנגען, און אַ שטראַל אין גלעזל האָט אַ שימער געטאָן, וואָס אפילו שוואַרץ־קויל וואָלט אָפּגעבלישטשעט, האָט דאָס גלעזל אויבן אויף, ווי עפּעס רעכטס, דעם שיין אָפּגעשלאָגן —

האָט דער מענטש, וואָס האָט די מציאה אַריין געקריגן, אַ פֿאַלשע פרייד אַרום געטראָגן, און יעדן פרעמדן אָפּשיין, ווי אין אייגענעם זיך געשפּיגלט — און בײַ נאַכט, ווען דאָס גלעזל האָט זיך קנאַפּ וואָס אָנגעזען, און לבנה און שטערן האָבן גאָר נישט געוואָלט זיך אומקוקן דערויף — —

האָט דער מענטש זיך ווידער מיטן מאָרגן געטרייסט, נאָר, וואָלקנדיק האָט דער מאָרגנדיקער טאָג זיך פֿאַרצויגן.

האָט דאָס גלעזל אַזוי גרוי און טריב אויסגעקוקט —

האָט ער עס מיטן רעגן פריש איבער געוואַשן, און די פֿאַלשע פרייד אַלץ אַרום געטראָגן — —

איינמאָל, ווען דער מענטש האָט בײַ אַנאַנדערן אַן אמת'ן דימאַנט געזען, און אַלערליי קאָליערן האָבן פֿאַר זיין אויג געפֿינקלט, האָט זיין גלעזערנע פרייד אָנגעהויבן בלאַסער צו ווערן, און אין גאַנצן זיך נישט אַרויס געזען —

האָט ער באַשלאָסן, זיין געשליפֿן גלעזל אויף מבינות צו ווייזן —

נאָר, ווען יענער האָט עס מיטן בלויזן האַנט מבטל געווען —האָט ער זיך אַביסל פֿאַרשעמט, און בײַ זיך אַלץ געטראַכט, אַז מסתמא איז יענער נישט גענוג בקי דאָס אָפּצושאַצן, און ווייטער האָט דער מענטש די פֿאַלשע פרייד אַרום געטראָגן —

אָבער אַנאַנדער מאָל, ווען ער האָט זיך גענויטיקט וואָס, און געוואָלט עפּעס לײַען דערויף — און אַז יענער האָט זיין מציאה גאָר אויסגעלאַכט, איז זיין פרייד אים אויסגעגאַנגען, ווי יענעם מיט די פֿאַלשע פּערל, וואָס האָט אַזוי לאַנג זיי געהאַלטן פֿאַר עכט, ביז דער גלאַנץ איז פֿון אויבן אָפּגע-

קראַכן, און די אויבערשטע שאָל האָט זיך אָפּגעשיילט,
און ס'איז געבליבן בלויז אַ ביליגע קאָרעל — —

און מיט אַ שווער האַרץ און גרינג שטיינדל, האָט דער מענטש, ווי יענעמס פאַלשע פערל, דעם „דימאַנט" צע־שטויסן, און די פאַלשע פרייד, וואָס האָט אים גענאַרט — האָט ער מיטן ווינט צעבלאָזן . . .

## צוויי אידעען טרעגער

צוויי אידעען געגנער, האָבן זיך אַמאָל געוועט — :

איינער דעם אַנדערן איבער צו שפּאַרן, ס'זאָל בלויז בלייבן איין אידעע אויף דער וועלט—האָבן ביידע וויז־אַ־ווי זיך אַוועק געשטעלט, נעבן צוויי אָרעמע דענקמאָלן; און אויף אַלע וויסטענישן אויסגעשריגן — :

אָטאָ, דער דאָרט, איז ניט דער ריכטיגער נאָכפאָלגער!

אָטאָ, דער דאָרט, איז ניט דער אמת'ער נאָכפאָרשער!

האָט דער קידער־ווידער און דאָס שפּאַרעניש ניט פאַר־שפּאָרט זיך איינס צו האַלטן — און די אָרעמע, וואָס וואָלטן שוין, ווי ס'איז זיך אויסגעגלייכט, און די שטיקלעך־חלוקי־דעות פון די פאַרשטאָרבענע דענקער, וואָלט ביי זיי ניט אויסגעמאַכט — האָבן איצטער זייערע מוחות זיך גענומען טומלען, אַנשטאָט זיך צו קריגן מיט די רייכע — האָט אָרע־מער מיט אָרעמען זיך געקריגט, און פון גרויס ביז קליין מיט זיך אָנגעהויבן —

אַזוי האָט זיך דער קריג צווישן די צוויי אידעען געג־נער, צום געריכט־הויז זיך דערטראָגן

האָט דער ריכטער, וואָס האָט אַליין געשטאַמט פון די רייכע, דער שיין אונטער זיין איינציקן בינאָקל־אויג גע־ציטערט, פאַרן געדאַנק, פון די איינע אידעע —

ווער עס זאָל נאָר ניט זיין — און די פאַרגעטערונג פאַר דעם איינאיינציקן דענקמאַל, קען נאָך חלילה פאַר־שווענכן דאָס גאַנצע רייך מיט דער קרוין פון דער וועלט — —

און בלאָס האָט דער ריכטער דאָס פרייהייטליכע גע־זעץ, ענטשיידעט געזיכערט, וואָס מער אידעען מעגן זיך פרוכפערן אויף דער וועלט — —

און באַלד האָט זיך צוריק געררויטלט, ס׳געזיכט פון ריכטער פאַר זיינע באַשיצער —

און געשפּאַסט פון געוועט פון די צוויי אידעען טרעגער . . .

## די אייביקע רו

אויף אַ פאַרוויסטן שלאָס, איז אַן אָרעמער, מידער וואַנ־דערער געזעסן, און באַנג אין אַ הייל אַראָפּ געבליקט, וואו עס שוועבט די אייביקע רו — —

האָט אַנאַנדער וואַנדערער, וואָס איז יונגער און שטאַרקער געווען פון יענעם וואַנדערער, געוואָלט זיינע לאַסטן פאַרגרינגערן, און אים אין דער הייל אַראָפּ געלאָזט אַפּרוען — איז ער טויט־מיד איינגעשלאָפן, ווען ער איז

וואַכנדיק געוואָרן, איז שטאָק־פינסטער אים געווען, און האָט דעם וועג נישט געזען מער, צוריק אַרויס צו גיין — האָט ער  די אויגן זיך אויסגעריבן, ער זאָל ערגעצוואו אַ שיין דערטאַפּן, און זיין האַרץ האָט אומרוהיג זיך גע־וואָרפן — און די אייביקע רו געשאָלטן — —

האָט ער מיט זיין וואַנדער־שטעקן, וואָס ער איז מיט אים אַ וועלט אויסגעגאַנגען — די הייל נישט געקענט אום־גיין, אַזוי גרויס, איז די הייל אים געוואָרן, וואָס האָט אים זיין וועלט פאַרשטעלט — —

האָט ער די אייביקע רו פאַרשריגן, ביז דאָס לשון האָט זיך ביי אים אָפּגענומען — אָבער, קיינער האָט אים נישט געהערט — האָט ער ווידער מיטן אָנשפּאַר־שטעקן אָן אַ שטיין געקלאַפּט, און אַן אומרו געוועקט — —

נאָר, אַ פריש אָנגעקומענער מידער וואַנדערער, וואָס האָט אויפן ווייטן שלאָס, ביי דער זון זיך געוואָרעמט, האָט פאַרן אָפּגרונט פון הייל זיך געשראָקן, און ס'האָט זיך אים אויסגעדאַכט, ווי אַ שדים־קול פון די הייל שרייט אַרויס — איז ער פון דער עפענונג פון הייל אַוועק, און האָט די אייביקע רו, פאַר שדים איבער געלאָזן . . .

# דאָס מיסיאָנהויז

אַן אַלט מיסיאָנהויז, וואָס האָט אַלצדינג אויפגעקליבן, וואָס יעדער האָט אַרויס געוואָרפן, ביז אַ געהאָנגענעמס אַ שטריק, איז אין פענסטער געווען אויסגעשטעלט פאַר אַן אַנטיק —

האָט דער שטויב אין מיסיאָנהויז, פון אַן אַלטן טעם-טאַמענט אין דער קעל געטרוקנט; און אַ נאָז-קאַטאַר צו-געקריגן, פון אַן אַלטן יוזל אויף די ווענט —

האָט דאָס אַלט-שטויביקע מיסיאָנהויז, די קונדן, אין אַלטוואַרג-געשעפט גערופן, און געבעטן יעדער זאָל אַליין זיינע אַנטיקן אויסקלייבן, און שפּאָט-ביליג קען יעטווידער אַ גאָט זיך איינקויפן, וואָס מען דאַרף בלויז אַן אויער צו קלעפּן, אָדער, אַן אויג צו מאַכן — און פון אַנדערע אַנטיקן, פעלט אַנאַנדער קלייניקייט, עפּעס צורעכט מאַכן, דאָס איבעריגע איז שוין לויטער אַנטיק — מתרח-קדמונים׳ס צייטן נאָך, וואָס איז נאָר, איינס אין דער וועלט — —

איינמאָל, איז אַן אַלטער בעטלער אַריין געקומען, און אַ פּאָר בעסערע קאַליעס, מיט אַ בעסערע טאָרבע, ווי זיינע געזוכט, אַז דער בעטלער האָט שוין געהאַט איינגעהאַנדלט, וואָס ער דאַרפט, און געוואָלט אַוועק גיין — האָט דער מיסיאָנמאַן, אים פאָרגעשלאָגן, אַן אַלטע געצקע צו קויפן, וואָס וועט דעם בעטלער, צום בעטלעריי אַ סך אַריין ברענגען — אַז דער בעטלער, האָט זיין אַלטע געצקע דער-קענט, האָט ער צום מיסיאָנמאַן, אַ קרומען שמייכל געטאָן, ווי ווינציק זיין געבעט האָט זיך געהערט — ער איז שוין

מיט די געצקע אויף אַלע מערק אויסגעווען; און מען האָט זיין פּנים נישט מער געוואָלט אָנקוקן — —

און דער בעטלער האָט זיך געוואונדערט, ווי קומט זיין אַוועק געוואָרפענע געצקע אַהער? און דער בעטלער האָט נאָך אַמאָל באַטראַכט זיינע קאַליעס, מיט די נייע טאָרבע, וואָס ער האָט איינגעהאַנדלט, און איז אַוועק פון מיסיאָנהויז . . .

## דער קלויסטער אַנאַנסער

אויף אַלע טראָטואַרן שפּאַנט ער אַרום, דער זיבן־פּו־סיקער, און זיין קליין נאַריש־קעפּל, וואָס סטאַרטשעט אַרויס העכער איבער אַלע אויף דער גאַס, קוקט אוים, ווי אַן עפּעל פון אַ קינדערש־פענדל, וואָס אַ קונדס'ל הייבט אויף איבער אַלעמענס קעפּ —

נאָר, דער זיבן־פּוסיקער, קוקט יעדן אין פּנים אַריין, צו שוין איבער געלייענט זיינע מודעות, פון די קלויסטער שילדן, וואָס ער טראָגט אויף זיך אָנגעטאָן. קוקט ער אַלע־מאָל זיך אום דער זיבן־פּוסיקער, ווער ס'לייענט אים נאָך פון הינטן, וואו זיין הינטערשטע שילד, הענגט אויף זיינע לענדן אַראָפּ — דען, פון פאָרנט זיין שילד, וואָס ליגט אויף זיין ברוסט, זעט ער שוין, ווי די מענטשן פּטר'ען דאָס אָפּ מיט אַ בליק, נאָר, קוקן לענגער אויף זיין גרוים, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט אַזעלכע אַנאָנסן, וואָס קיינעם אַרט נימ, ווען ס'געפעט הייבט זיך אָן אין קלויסטער —

אָבער, אַלע קענען אים שוין דעם זיבן־פּוסיקן, מעג

זיך יעדער, ווי איילן, אָדער קען זיין אַ געדרענג אויף די טראָטואַרן, נאָר, דער זיבן־פּוסיקער האָט צייט, אַזוי, ווי די מענטשן איילן זיך ניט אין קלויסטער אַריין, אַזוי גייט ער זיך געלאַסן, מיט זיינע קלויסטער־אַנאָנסן — ביז ער שפּאַנט ערגעץ צו, צו אַ ראָג־גאַס, הייבן אָן גלאַנצן זיינע אויגלעך, ער זעט, ווי זיין הייליקן־מיסיאָן ביים צימבל און גלעקל פון די „סאַלוויישאַן־אַרמיי״ ווי מיט אויגן־גלאַ־צעניש צום הימל, און מיט קלימפּערן און גלעקלען צו דער ערד — —

און ער דער זיבן־פּוסיקער שטייט און רופט — :

זאָל כאַטש אַ געזעמל זיין אַרום, דעם סאַלוויישאַן־אַרמיי־געזונדל . . .

## „דער אונדערטעקער״

.. דער קברות־מאַן דזשאַן, האָט געשם׳ט פאַרן פרומסטן באַגרעבער, אין זיין טויטן־זאַל — האָבן אויף די ווענט אַרום געהאָנגען אַזוי פיל בילדער מיט צלמים, און יעדן טויטן, וואָס דזשאַן האָט געבראַכט, האָט ער ביים טויטן צוקאָפּנס, די הייליקע מאַדאָנאַ, מיט דזשיזוס אַוועק גע־שטעלט, ווי דעם טויטן צו היטן — און מיט תפילות און גוטע צוזאָגן פון גן־עדן, האָט דזשאַן די טויטע באַגראָבן, און געשינדן אַ הויט פון די לעבעדיקע — —

נאָר, ווי פרום דזשאַן איז געווען, איז ער אָבער, אַלץ מער געשייט געווען, וואָס מער טויטע צו באַגראָבן, וואָס האָבן אים אַ גוט פאַרדינסטעל געגעבן — האָט זיך דזשאַן דער אונדערטעקער, אויף איינע פון די הויפּט־גאַסן אַריין געצויגן, און זיין שילד פאַרן הויז, האָט רעקלאַמענדיק,

יעדן פאַרבײַ גייער געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דאָ וואוינט דזשאַן דער אונדערטעקער, וואָס ברייננט די טויטע אויף יענער וועלט — —

אָבער, אַממיינסטן האָט דזשאַן אַרוים געצייגט, זיינע „טויטע-פאַרשפּרעכן" — פאַר דער ווייגאַכטס-נאַכט, דאַמאָלט האָט ער זיין הויז, ווי אַ קלויסטער אויסגעפּוצט, און אַלע הייליקע בילדער, פאַר די פענסטער אויסגעשטעלט; און דעם ווייגאַכטס-בוים, אויף איינעם פון זיין פראָנט גאָרטן-הויז בוים באַצירט, האָט ער הונדערטער עלעקטרישע לעמפּלעך, מיט בלויע גלעזלעך אַרום געהאָנגען, און יעדע נאַכט, פון ווייגאַכטס-נאַכט, ביז ניי-יאָר-נאַכט, די לעמפּלעך אָנגעצינדן האָט אַלצדינג אין בלויען-שיין געשימערט — און די מענטשן, וואָס זיינען פאַרבײַ געגאַנגען, אָדער פאַרבײַ געפאָרן, האָבן זיך אָפּגעשטעלט קוקן, ווי אויף בייז וואונדער — —

דאָ וואוינט דזשאַן דער אונדערטעקער, וואָס באַגראָבט די טויטע, און זאָגט זיי צו אַ בלויען גן-עדן — אויף יענער וועלט . . .

## הינטערן שטאָט

אויף הינטערן שטאָט שטייט אַ קלויסטערל, צווישן באַרג און טאָל פאַרשטעקט, פאַרשטעלט מיט וואַלד ביימלעך, און באַוואַקסענע פעלזן אַרום. שטייען אויף די שטיינערנע ערטער, בילדער און סטאַטועס אין אַלערליי פּאָזעס פון געקרייציקטן דזשיזוס —

און די הייליקע מאַריע רוימט אים איין אַ סוד — —

שמייען אַרום שוואַרץ געקליידעטע מאָנאַשקעס, און צינדן ליכטלעך פאַר אָט די הייליקע, און פאַלן אויף די קניע, מיט אַ צלם׳ען זיך, צו פאַרטרייבן די זינדיקע מחשבות׳ן פון זיך — —

דערנעבן אָבער, האָט אַ מאָנאַך, אַ קרומען בליק געוואָרפן, ס׳האָט אים אַ פרעמד אויג געשטערט זיין באַגעגענען זיך מיט אַ מאָנאַשקע ביי די הייליקע יונג-פרוי — האָבןביידע, דער מאָנאַך מיט די מאָנאַשקע, די אויגן אַראָפּ געלאָזן, ווי זיך אַנדערשוואו צו טרעפן — און דער מאָנאַך, איז שטיין געבליבן נעבן אַנאַנדער בילד, וואו דורך צוויי שטיינערנע טויערלעך, איינע אַריינצוגיין, איינע אַרויסצוגיין, איז אין אַ שטיינערנע שטיבל דאָרט דזשיזוס געלעגן, מיט אַן אָפענע וואונד אין האַרץ, און הענט און פיס צוגענאָגעלט, ווי ערשט פון קרייץ אַרונטער גענומען — —

האָט דער מאָנאַך, ווי אַ שרעק אָנגעוואָרפן אויפן פרעמדן, ווי נקמה צו נעמען פאַר זיין טויטן-גאָט — —

נאָר, דער פרעמדער באַזוכער, איז פאַרביי געגאַנגען די יעזואיטישע בליקן — און באַאָבאַכטנדיק די אַלערליי פאָזעס, ווי דזשיזוס פאַלט מיטן קרייץ, און ווי דזשיזוס הענגט אויפן קרייץ — האָט זיין פנים זיך פאַרוואָלקנט, ווי ס׳וואָלט אין דער צייט פון די קרייציקע געווען, ווען אַ פּראָצעסיאָ מיט צלמים האָט גרויל געטראָגן — און מיט שווערד און צלם דעם מענטש געבראַנד-מאַרקט —

האָט זיך אים געטראַכט, ווי די שאַנד איז שוין אַוועק, האָט זיך די פּראָצעסיאָ, פאַר אַן אָנדענק, אויף הינטערן שטאָט זיך פאַרשטעקט, מען זאָל ניט אַרויס זעען, וואָס דערמאָנט פון אַמאָל, ווי פון מיטל-אַלטער — —

דאָס איבער- בלייבעכץ פון טויטע-געצקעס . . .

# די לאַמטערנע און דער נעבל

אַ גאַסן־לאַמטער, וואָס האָט אין דער פינסטער פאַר די מענטשן געלויכטן — איז אַ גאַנצע נאַכט, ווי אַ שומר געשטאַנען, און איבער אַ פאַרשפּעטיקטן געוואַכט — .

האָט די לאַמטערנע אויפן באַגינען אָן נעבל זיך אָנגעשלאָגן, און וואָס גרויער דער נעבל האָט זיך אויסגעשפּרייט, איז די לאַמטערנע נאָך אַ גאַנצע נאַכט אויף זיין — וואַכנדיק פאַרן פרימאָרגן געשטאַנען, און איר שיין פאַר דער וועלט געוואָלט ווייזן, וואָס איבערן נעבל, איז אַלץ פאַרשלאָפן נאָך געלעגן —

האָט דער נעבל, די לאַמטערנע אַלץ טונקעלער אין זיין גרויען־געוועב איינגעהילט, און ווי אַ געל־שיינענדן־פלעק, אויף אַ בלויזן פלאָקן די לאַמטערנע אויסגעמאָלט — —

און ווען דער נעבל האָט פון ווייטן יעדן בנין נישט געלאָזט אַרויס־זעען — און די לאַמטערנע האָט זיך נישט געלאָזן אין גאַנצן פאַרשטעלן — האָט דער נעבל יעדן פאַרביי גייער אָנגעוויזן אויף די לאַמטערנע, וואָס קוקט גאָר אויס, ווי אַ פאַרשלאָפענער וועכטער, וואָס היט גאָר ניט איבער דער גאַס — .

אָבער די לאַמטערנע מיט איר שיינענדיק־אויג, האָט ווייטער דורכן נעבל דורכגעשטראַלט, און יעדן נאָענטן דורכגייער, איר שיין שענער געוויזן, און ווי אַ געטרייער היטער, דאָס גרויקייט פונם נעבל דורכגעהעלט, און אַלעמען געצייגט, אַז די לאַמטערנע מוז נאָך היינט לענגער שיינען, איבער דעם צעקראַכענעם קאַליערלאָזן נעבל . . .

# טאָג און נאַכט

אַ קלאָרנקער טאָג, וואָס האָט זיך אַזוי פיל אָנגעזעען אויף דער וועלט — איז איינמאָל געגאַנגען זוכן די נאַכט, איר אויסצופרעגן, וואָס זעט די נאַכט אין דער וועלט?

האָט דער טאָג ביזן ווייטן הימל, מיט די אויגן נאָכגעפאָרשט, ביז אַ געדיכטן וואָלקן אָנגעטראָפן — —

אַהאַ! האָט דער טאָג געטראַכט —:

אָט, איז די נאַכט! וועל איך איר פרעגן —

האָט דער וואָלקן איבערן גאַנצן הימל זיך אַראָפּ געלאָזט, און דעם טאָג איבערן קאָפּ צוגעדעקט —

האָט דער טאָג אַזוי פאַרטריבט אָפּגעזיפצט —:

איך קען שוין אַליין באַלד ניט זעען —

האָט דער וואָלקן, אַ בליץ־שוועבעלע דעם טאָג דערלאַנגט —:

נאַ! גיי זוך די נאַכט!

אָבער, דו רייצט זיך מיט מיר — האָט דער טאָג מיט לעצטער בלייבקייט געציטערט — דיין בליץ פאַרלעשט זיך באַלד — —

נאָר, אַ דונער האָט מיט געלעכטער אויפן קול געפּלאַצט —:

די וועלט טוט אָפּ אַלע מיאוס׳קייטן אין דער פינסטער —

ביי נאַכט — —

האָט באַנג שוין דער טאָג פון אונטערן וואָלקן זיך אַפּויר געריסן, און מיט בלאַסליכן־שיין געבעטן —:

פאַרשווינד מיר וואָלקן!

און ברייננ מיר צוריק דאָס ליכט פון טאָג . . .

# דער שטורם

אַ שטורם, וואָס האָט פון קריג-וויסטעניש זיך אָנגע-טראָגן, האָט מיט פאָכנדיקע פליגל, אַ שוואַרצע כמאַרע אויסגעשפּרייט —

האָט פון זיינע נאָז-לעכער צאָרנדיק געבלאָזן דער שטורם — :

אָ, טרוסן שרעקן זיך פאַר מיר !

אָ, שוועכלינגע באַהאַלטן זיך פאַר מיר !

שרעקט זיך ווער, אַזוי פאַרן קריג ? ווי פאַרן שטורם !

אַנטלויפט ווער, אַזוי פאַרן קריג ? ווי פאַרן שטורם !

וויפיל אייער קריג, זאָל נישט וויסט מאַכן די וועלט ? שמידט איר דעם קריג ! וויפיל אייער קריג זאָל נישט פאַר-טעמפּען דעם גייסט — פאַנצערט איר דאָס האַרץ ! האָט דער שטורם פאַר וואוט אַ בוים אויסגעריסן, און ווי אַ קין-העלצעל אין בליץ אָנגעצונדן; און מיט אַ דונער-קראַך אין אַרסענאַל געטראָפן — —

האָט מיט קריג-כלי-זין זיך צעשפּילט דעם שטורם — און דער קריג'ס-אָפּגאָט, האָט אַ קאַנאָנאַדע געטאַנצט, האָט מיט אויפרייס געשליידערט דער שטורם און „טרענטשעס„ אין דער ערד אויפגעריסן; און צעשטערטע הייזלעך מיט טויטע, באַלד אין די גריבער פאַרשאָטן — —

האָבן משוגענע הינט און קעץ אונטער די חורבות געוואָיעט; און צאַפּעלדיק-בלוט, און אייגענע וואונדן גע-לעקט — —

האָט אַזוי דער שטורם זיין צאָרן אויסגעבערענט, ביז אַ שלאַקס־רעגן, האָט די לעצטע פונקן פאַרלאָשן, און די ערד מיטן ארסענאַל אָפגעווישט —

נאָכדעם, האָט דער שטורם מיט לעצטן אָטעם־צוג פאַר־צייכנט, ווי שפּאָט־ביליג זיין שטורם־מאַנעווורע האָט אָפּ־געקאָסט — :

בלויז איין אַרסענאַל, און אַ פּאָר צענדליג טויטע זיי־נען אין די קאַטאַסטראָפע צעפלויגן, וואָס וואָלטן אין אַן אמת׳ע מלחמה נישט אַזוי אַנטלאָפן, ווי פאַרן שטורם . . .

## איבער אַ פּאַס שיין

צוויי זייטיקע וואָלקנס, וואָס זיינען, ווי באַזונדער זיך אויפגעצויגן — האָבן פוןביידע זייטן הימל זיך אָנגע־רוקט —

האָט זיך צום ערשט אַזוי אויסגעדאַכט — :

ווי צוויי טונקעלע ריזיקע בערג, וועט איינער אויפן אַנדערן, מיט דרוקנדע שווערקייט אַרויף פאַלן, און דעם הימל אַזוי פאַרשוואַרצן, ווי דער טייפל וואָלט זיינע פליגל אויף אים אויסגעשפּרייט — —

נאָכדעם האָבן די וואָלקנס זיך געמאָלן, ווי צוויי שפּי־ציקע פעלזן; און מיט מאָנסטערדיקע הענט, אַזעלכע זיך אויסגעשטרעקט — : אָט־באַלד אין איין גרויסן וואָלקן זיך צענויף קלייבן, און אַלצדינג אין זייער אָפּגרונט פאַר־שלינגן — —

איז פון גאַנצן בלויען הימל, בלויז אַ פּאַס־שיין צווישן ביידע וואָלקנס איבער געבליבן —

האָבן פון ביידע זייטן הימל, די ווינטן, ווי צוויי קעמפנדע לאַגערן, מיט די וואָלקנס זיך מיט געטראָגן, און וואָיענדיק, זיי אונטער געטריבן, דעם פּאַס־שיין צו פאַר־שמעלערן —

נאָר, אין מיטן האָט זיך גראָד אומגעריכט, ווי אַ דריי־טער צד, דורכן שמאָלן פּאַס־שיין, אַ נייער ווינט זיך אַריינ־געריסן, און די וואָלקנס פאַרנאַנדער געשאַרט; און אַלץ העלער און קלאָרער אין הימל אַ וועג געעפנט — —

האָבן ווינטן מיט וואָלקנס איבער אַ פּאַס־שיין זיך גע־שלאָגן — ביז די זון איז אַ שטראַלנדע אויפן הימל אַרויס, און האָט די וואָלקנס מיט שיין באַגאָסן, זיינען זיי פריש אָפּגעצוואָגן געוואָרן, איז אַלץ לויטער הימל געוואָרן —

האָבן די ווינטן מיט די וואָלקנס, זיך אויפגעהערט צו קריגן . . .

# שלענגלעך

עס האָבן די בוימלעך, די שלענגלעך פון זיך אַראָפּ געוואָרפן, בײם ערשטן פרילינגס-ווינט און רעגן, און נײַע פרילינג-קלײדער זיך אָנגעטאָן. אָבער, די שלענגלעך, וואָס האָבן פריער די נאַקעטע בוימלעך זײער הוילן-לײַב געגעסן, און דערבײַ זיך געפּרוכפּערט צו מערן — האָבן זײ איצטער די בוימלעך מער געדראָעט, זײער נײַע בלעטעלעך אויפצו-פרעסן —

זײַנען די שלענגלעך, די בוימלעך אויף די פיס אַרום געקראָכן, און פון אונטן, ביז אויבן, לענגלעך זיך אַרויף גע-צויגן — האָבן די צווײַגלעך מיטן ווינט געציטערט — :

זײ ווילן די שלענגלעך נעבן זיך נישט האָבן, און זײ צוריק אַראָפּ געוואָרפן — האָט זיך נישט געגליסט, די שלענגלעך פון די בוימלעך אָפּצוטרעטן, וואָס אַמאָל, איז אַלץ מער דער אַפּעטוט, זײ אין האַלדז געקראָכן — און די שלענגלעך האָבן אַזוי לאַנג אַרום געפּויזעט, ביז אויף די וואָרצלען פון די בוימלעך זיך צעלײגט, נישט אַנדערש, נאָר, פון אונטן ביז אויבן אַרויף, זאָלן שלענגלעך זיך צע-וואַקסן — —

אָבער, אַ גערטנער, וואָס האָט אויף די בוימלעך אַכ-טונג געגעבן, מען זאָל זײ נישט קאַליע מאַכן, האָט די שלענגלעך אונטער די פיס צעטראָטן —

עס זאָלן קײן שאָדן נישט אָנטאָן, די ווערעמדיקע שלענגלעך . . .

# אין שטאָט פּאַרק

עס האָט דער פרילינג, די שוואַרצע ערד אויפגעבליט ביז אַרויף, פון אַ גרעזל, ביז אַ בלומען בייט, און פון אַ קוסט ביז אַ בוים. האָט דער גאַנצער שטאָט־פּאַרק פון קאָפּ ביז די פיס, ניי־ פרילינגדיק זיך אָנגעטאָן, און וואו ניט וואו די פייכטע זאַמד־גריבלעך, וואָס לעצטן זומער, האָבן די קינ־דער אין זיי געשפּילט — זיינען זיי איצטער אונטער דער פרילינג־זון זיך געוואַרעמט און געטרוקנט —

האָבן אויפגעלעבט די פייגעלעך מיטן נייעם פרילינג, און מיט זייערע סוויטשערייען אין דער לופט פּאַרקלינגען, און די יונגנקע פייגעלעך האָבן, ווי קליינע קינדערלעך אין די זאַמד־גריבלעך זיך געשפּילט, און זייערע טשופּיקלעך, ווי אין טייכעלעך זיך טוקן געלערנט — און באַלד האָבן זייערע פעדערן דעם זאַמד פון זיך אָפּגעשאָקלט, און אין די זאַמד־גריבלעך זיך געזעצט, ווי ס'וואָלט זיי זייערע פליגל פאַר די אָנקומענדע זומער־זון געברייט — און דערפאַר אין פייכטן זאַמד זיך געקילט — —

אָבער, די קינדערלעך, וואָס זיינען אין שטאָט־פּאַרק אָנגעקומען, האָבן מיט פרייליכע שטימעלעך, צו די פייגע־לעך זיך אַוועק געלאָזט, מיט זיי אינאיינעם, אין די זאַמד־גריבלעך זיך צו שפּילן —

האָבן די פייגעלעך, זייערע פליגל אַביסל אויפגעהויבן, און אויף די קוסטעס און בוימער זיך צעפלויגן, און שטי־פעריש געצווויטשערט — :

איר קענט אונדז נישט כאַפּן, און די פייגעלעך האָבן אַרונטער געזינגען צו די קינדערלעך — :

דעם נייעם פרילינג.

# דאָס ווינטעל מיט די פאָרהאַנג

אַ ווינטעל האָט מיט אַ פאָרהאַנג זיך געשפּילט — :
האָט עס די פאָרהאַנג, ווי אַ זעגל אויפגעבלאָזן, האָבן זונען שטראַלן דורכן אָפען פענסטער, אין שטוב אַרום געטאַנצט, אויף זוניקע טעפּיכער אונטער געלייגט — און האָט די פאָרהאַנג, ווי אויף אַ בינע זיך אַרונטער געלאָזן, האָט אַ טונקעלער שאָטן, ווי אַ פלאַכטע זיך אויסגעשפּרייט, אַ דרימל צו כאַפּען —

האָט דאָס ווינטעל, ליכט און שאָטן אין פּנים גע־וואָרפן, און איבער די אויגן־דעקלעך געגלעט, אַווייל איז דאָס ווינטעל, ווי אָטעמלאָז, שטיל געלעגן, ווי מיט גע־דרימלט, און אַווייל אַרום, מיט אַ בלאָז זיך אויפגעכאַפּט, מיט די פאָרהאַנג אַרויף, און אַראָפּ געשפּאַסט — :

ליכט און שאָטן — וואַך און דרימל —

אַזוי האָט דאָס מילדע, שטיפעריש ווינטעל, גרינג ס׳געמיט אויפגעלייגט, ווי אַ קינד, וואָס שפּילט זיך מיט אַ גרויסן, וואָס לאָזט עס אויפן שוים אַזוי אַרום טאַנצן, און וויל מיט׳ן קינד׳ס שפּילן, די זאָרגן פאַרגעסן . . .

# דאָס ווינטעל מיט די האַרבסט בלעטלעך

אַ ווינטעל האָט מיט האַרבסט בלעטלעך זיך געשפּילט, און ווי אַ קאַראַכאָד מיט זיי אַרום געטאַנצט — צום ערשט האָט דאָס ווינטעל די צווייגלעך פון די בוימלעך געהוידעט, און די בלעטלעך געטרייסלט, ביז זיי זיינען שוואַך געוואָרן — נאָכדעם, זיינען די בלעטלעך לויז, אויף אַ האָר נאָכגעהאַנגען, און מיט איין בלאָז פון ווינטעל אַראָפּ געפאַלן —

האָבן פאַרן טריט זיך געשאַרט, אַרום וואַלגערנדיקע בלעטלעך, און אונטער די פיס געטרעשטשעט, זיי האָבן, ווי אַרוים געקרעכצט — האָט דאָס ווינטעל, די בלעטלעך צוריק אויפגעהויבן, און די ליידיקע צווייגלעך געוויזן —

האָבן די הויל-נאַקעטע בוימלעך אינם האַרבסט געציטערט, און זיי נישט געקענט מער אָנטאָן — האָט ווידער דאָס ווינטעל, די בלעטלעך צוריק צו דער ערד געוואָרפן, און צום איבעריגן מאָל, פאַר דעם מענטשנס-טריט געפּלאָנטערט —

האָבן די מענטשן, מיט בעזימער אין די הענט, די בלעטלעך צוזאַמען געקערט, און קופּקעלעך ווייז זיי אונטער געצונדן —

האָט דאָס ווינטעל, אונטער רויך און פלאַם, די טויטע בלעטלעך אונטער געכאַפּט, און מיט זיי זיך אַרום געדרייט, אַזוי ווי די מענטשן, וואָס דרייען זיך, מיט זייער'ס אַ ברמינן, ביים קבר אַרום — —

און צום סוף האָט דאָס ווינטעל, די אַש פון די בלעטלעך, וואו די וועלט האָט אַן עק פאַרטראָגן . . .

# אַ טראָפּן אויל

אַ טראָפּן אויל, וואָס ערשט פריש פון וועב־שטול האָט אַראָפּ געטריפט, איז ווי אַ שילד געבליבן הענגען — :

ווי פלייסיק דער וועבער האָט פאַרטאָג, די וועב־מאַשין אָנגעאוילט —

און ווען די זון איז אויפגעגאַנגען, און גענומען אַריינציען אירע שטראַלנדע פעדעם אין וועב־שטול, האָט זון און זייד, און זייד אין זון זיך געשפינט, און גאָלד־געוועב געפלאָכטן — און גאָלד און בורשטין האָט דער טראָפּן מאַשין־אויל, פאַר די אויגן געשימערט, ווי שפּאָגל־ניי פון באַגינען, האָט די זון מיטן וועבער, געוועבט און געוועבט, אַ ניי־געוועב פאַר דער וועלט — —

האָט אין באַוועגנדן וועב־שטול, דער טראָפּן אויל הענגענדיק געציטערט ער זאָל ניט אַראָפּ פאַלן אין ניוועץ — און געשיינט מיטן וועבערס מי — נאָר האָט זיך אויסגעמישט מיט אַ טראָפּן בלוט, וואָס האָט נאָכגעטריפט פון וועבער׳ס־האַנט, וואָס פון וועב־שיצן זיך פאַרקלאַפּט —

האָט זיך אַ טראָפּען געלאָשן, אַ טראָפּען געצינדן ביז אונטער וועב־שטול געפאַלן — נאָר שטאַרקער האָט זיך נאָכגעטריפט, און געבליבן הענגען, ווי אַ טאָפּלטע שילד — :

פון שוויים און בלוט אין די וועב־פאַבריק . . .

# ניי־יאָר רעמאַנענט

ערב ניי־יאָר, האָט דער בעל־הבית פון פאַבריק, רע־מאַנענט אויפגענומען, און יעדע אַלטע האַנט, און אַלטע מאַשין, צום אַלטן יאָר אַרויס געוואָרפן — האָט ער נייע מאַשינען אין פאַבריק אַריין געשטעלט, און צו די„אייזערנע גולם׳ס" ווי דער בעל־הבית פלעגט אָנרופן די מאַשינען, וואָס קענען אַליין זיך ניט באַוועגן — האָט ער לעבעדיקע געזונטע גולם׳ס צו זיי געבראַכט, צו באַדינען, און פון אַלע אומות האָט ער זיי געקליבן די גולם׳ס — און ווי אַ דור־הפלגה, אין פאַבריק אויסגעמישט — —

האָט דער בעל־הבית, אַ יום־טוב געפּראַוועט, ערב־ניי־יאָר אין פאַבריק — האָבן די גולם׳ס אויסגעפּוצט די מאַשי־נען צום נייעם יאָר — האָט זיך משקה, ווי וואַסער גע־גאָסן, און פון ביטערן טראָפּען, האָבן ביי זיי די קעפּ זיך געדרייט, און שכור אויסגעמישט געזונגען — :

ניי־יאָר! ניי־יאָר! פאַרן בעל־הבית וועגן —

האָט דער בעל־הבית געשמייכלט — :

ניי־יאָר! ניי־יאָר! פאַרן גאַנצן יאָר — —

נאָר, שטיל געשוויגן האָבן אַזוי די מאַשינען אין פאַב־ריק, מיט אַלערליי סטענגעס איבער זייערע קעפּ צוגעבונדן, ווי זיי וואָלטן אַרויס געשטעקט, אַזעלכע לאַנגע צונגען, צו דעם שקלאַפן יום־טוב, ערב ניי־יאָר אין פאַבריק . . .

# דער קבצן מיט זיבן פּאָלעס

אַ קבצן מיט זיבן פּאָלעס, האָט דער ווינט אויפגעהויבן, און געלאָזט אים שטיין, איז ער געשטאַנען, און געשטאַנען, ווען ער איז מיד געוואָרן פון שטיין — האָט דער ווינט אים אַוועק געטראָגן, איז ער געגאַנגען, און געגאַנגען, ווען ער איז מיד געוואָרן פון גיין — האָט ווידער דער ווינט נישט גע־לאָזן אים איינרוען, און ווי אַ וויכער אים געדרייט, ביז דער קאָפּ האָט זיך ביי אים אָנגעהויבן מישן, און נישט גע־וואוסט אויף וואָסער וועלט ער איז — —

נאָר, פונם פלינקן דרייען זיך, האָבן די זיבן פּאָלעס זיך נישט אָרוים געזען — האָט ער מיט אַמאָל פונם ווינט זיך געפּרואווט אָרוים רייסן, און געמיינט, אז ער איז שוין אוים קבצן מיט די זיבן פּאָלעס — אָבער, דאָס האָט זיך אים בלויז אויסגעדאַכט, אומעטום, וואו ער האָט זיך געזען, האָט ער אויך די זיבן פּאָלעס געזען מיטן ווינט פלאַטערן.

האָט דער קבצן שוין געטראַכט, פון די זיבן פּאָלעס פּטר צו ווערן, דער ווינט זאָל אים כאַטש מעבר־לים ברענגען, וואו מען גייט אַנדערש אָנגעטאָן, און עס קען קיין זיבן־פּאָלעס נישט געמאָלט זיין — —

אָבער, וואו דער ווינט האָט זיין זעגל פאַרטראָגן, האָט ער טאַקע זיין בגד מיט די זיבן־פּאָלעס אָנגעוואוירן, נאָר, באַלד האָבן זיך אים זיבן צויטלן נאָכגעשלעפּט — —

האָט דער קבצן די זיבן־פּאָלעס, אויף זיבן צויטלן אויסגעביטן . . .

## צוויי שכור'ן

צוויי שכור'ן האָבן זיך געקריגט, דער האָט דעם ס'גלעזל פון האַלדז אַרויס געריסן — : ער האָט שוין גענוג געטרונקן!

און דער האָט דעם, די קופּליע־בּיר אויסגעגאָסן — :

ער האָט שוין גענוג געזויפן!

האָט יעדער שכור זיך געהאַלטן פאַר ניכטער, און יע־נעם פאַר שכור — נאָר, איין שכור האָט זיך נאָכדעם נאָך מער צעקאָכט — :

דו בּיסט דער שכור! נישט איך!

אי די קופּליע, אי דאָס גלעזל זיינען בּיי דיר — :

דו האָסט עס בּיי מיר אַרויס געריסן —

— אָבּער, דו האָסט דעם שנאַפּס אין דיר געגאָסן —

— און דו האָסט די בּיר אין דיר געזויפן —

האָט דער שכור'ער פון שנאַפּס זיך שוין געוואַקלט —

נאָר, דער קריג האָט אַזוי לאַנג אָנגעהאַלטן, צווישן די צוויי שכור'ן, בּיז וואַנען זיי האָבן זיך געבּיטן מיטן טרינקן, און דער האָט דעם אַוועק געגעבּן די קופּליע פאַרן גלעזל, האָט דער זיך גענומען צום שנאַפּס, און דער צווייטער צום בּיר —

אַזוי האָט זיך געענדיקט דער קריג צווישן די צוויי שכור'ן.

# דער נאַכט גנב

אַ נאַכט גנב, האָט דורך אַ פענסטער, זיך אַרױס געלאָזט גנב׳ענען, האָט ער געקלעטערט, און געקראָכן איבער דעכער, און פּאַרקנס, ביז צו אַ פּאָליציימאַן אין האַנט אַרײַן, דער גנב איז אַרײַן געפאַלן —

האָט דער פּאָליציאַנט, דעם גנב אויף אַ „פּאַס" געפרעגט?

האָט דער גנב געזאָגט — :

ווי קענסטו איבער לייענען דעם פּאַס אין דער פינסטער? און האָט אים עפּעס דערלאַנגט, ער זאָל אים גיין לאָזן —

איז דער גנב אַוועק, און זיך געדרייט פאַר אַ פּריציש הויף — האָבן די הינט, דעם גנב דערשמעקט, און אויפגעהויבן אַ בילעריי, האָט דער גנב, די הינט אַ פעטן ביסן צוגעוואָרפן, און איז זיך ווייטער געגאַנגען, האָט דער הויף-וועכטער, דעם גנב אָנגעטראָפן —

האָט דער גנב, אַ געשאַנק אים געגעבן, אַז ער זאָל דעם פּריץ׳ס דינסט, פון זיינעט וועגן לאָזן גריסן, און ער דרייט זיך דאָס טאַקע אַרום פאַר איר׳ט וועגן —

און דער גנב, איז זיך ווייטער אַוועק —

נאָר, ביים סאַמע אָרט, וואו דער גנב האָט אויסגעקוקט, האָט ער דעם פּריץ׳ס געטרייערסטן הונט באַגעגנט—

אָבער, דאָ, האָט שוין דער גנב, דעם הונט נישט געקענט איבער קויפן —

האָט דער גנב דעם הונט פאַר׳סם׳ט . . .

# דער מענטש און זיין שטרויכלונג

אַ ביסל מיסט, וואָס האָט אונטער די פינגער-נעגעל זיך אָנגעקליבן, האָט פון די שפּיץ-פינגער, אויף שפּיץ-קאָפּ זיך געוואָלט שטעלן — האָט דער מענטש, דורכשאַרנדיק מיט די פינגער, איבער די האָר פון קאָפּ, אַ ציטער גע-טאָן—: דאָס ביסל מיסט, זאָל זיך דאַרט ניט אָנקלעפּן, האָט ער דאָס מעסערל צו די נעגל געשאַרפט, און די בלאָטע אונטער די נעגעל אָפּגערייניקט — —

האָט מיטן ווינט זיך צעשטויבט דאָס ביסל מיסט, און מיט דעם מענטש'ס אָטעמען אין זיינע נאָז-לעכער זיך אַריין געצויגן, און אים, דעם חוש-הריח אין נאָז פאַר-לייגט — האָט דער מענטש שווער אָטעמדיק, אין דעם גאָרטן-אַלעע שפּאַצירט, מיט פרישע לופט זיך ערהאָלט —

האָט דער מענטש, אויף זיך אַכטונג געגעבן — :

זיין פאַרטרערט אויג, אין אַן אויגן-גלעזל געוואַשן, דער פראָך, זאָל זיין אויג ניט פינטלען — דער וועקס, זאָל זיין אויער ניט פאַרשטאָפּן — און האָט זיין אויער-לעפּעלע געהיטן — —

האָט זיך אָבער, אַ שטרויכלונג, דורך אַלערליי אָפּ-נאַרונגען, אין דעם מענטש'ס-עסן און טרונקען אַריינגעטאָן, און אין זיין בויך-גרימינעש געבורטשעט — :

איך וועל זיך שוין אין זיינע בלוטן אויסמישן — —

נאָר, דער מענטש, וואָס פאַר קיין שטרויכלונג, האָט זיך ניט געשראָקן, האָט דאָס ריכטיקע אָרט פאַר דעם גע-פונען, און באַשיידן ס'זייניקע אָפּגעטאָן — —

זינט דאָמאָלט פירט שטענדיק דער מענטש אַ קאַמף, מיטן אייגן, אַזוי גוט ווי מיטן פרעמדן ביסל מיסט, און מוז עס כסדר אָוועק שאַרן — עס זאָל זיין נשמה נישט פאַרפלעקן . . .

## דער פּאַיאַץ

אַמאָל איז אַ פּאַיאַץ געווען, און זיך גרימירט, פון אויבן ביז אַרונטער האָט מיט פאַרב געשמעקט, און דאָס פּנים פאַרשמירט — איז זיין מיטצעל דריי־שפּיציק, אויפן קאָפּ געווען אָנגעטאָן, און אַ קוטאַסל האָט זיך צוגע־באָמבלט, וואו דער פּאַיאַץ האָט זיך אַ קער געטאָן.

האָט דער פּאַיאַץ אַ ליאַמפּאַסל, מיט אַלערליי קאָליערן זיך צוגעמאַכט, און געמאַניעט, און גערופן אין צירק אַריין — ווען דער פּאַיאַץ האָט שוין אַלעמען, געהאַט אַריינגעקריגן, האָט ער זיך אינעווייניג באַוויזן — האָבן זיך די מענטשן, פון זיינע „שטוקעס" פאַרקרומט, און זיי־נען אַרויס געגאַנגען, האָט דער פּאַיאַץ מיט גלעקלעך גע־קלימפּערט און אַנדערע גערופן — ווען קיינער האָט מער נישט געוואָלט, אים אָנקוקן — האָט דער פּאַיאַץ זיין צירק פאַרמאַכט — נאַר, אַנדערש־וואו זיין צירק אויפגעמאַכט —

האָט דער פּאַיאַץ זיינע „שטיק" אויפן נייעם פּלאַץ געוואָלט פאַרגרעסערן, האָט ער אַ קליין פּאַיאַצעל, פאַרן צירק געשטעלט, וואָס האָט אַלעמען געלאָזט וויסן —: די גרויסע וואונדער פונם פּאַיאַץ, וואָס שפּילט דערינען — ווען די מענטשן האָבן די קונצן געזען, האָבן זיי געלאַכט,

זיי זיינען נישט גרעסער, ווי פון קליינעם פּאָיאַצעל, וואָס שטייט פאַרן צירק דרויסן, און דאָס פּאָיאַצעל האָט נאָכ־אַנאַנד, אַלץ גערופן, און איטליכן נאָכגעשריגן, נאָר, קיינער האָט אפילו ניט געוואָלט זיך אָפּשטעלן — —

האָט ווידער דער פּאָיאַץ מיטן צירק זיך אַרום געצויגן, און אויף אַנאַנדער פּלאַץ זיך אַריין געצויגן —

האָט דער פּאָיאַץ זיין קאָפּ אויף „שפּיצלעך" זיך גע־בראָכן — :

ווי קריגט מען די מענטשן אין צירק אַריין?

נישט דורך אַ קליין פּאָיאַצעל, נאָר דורך אַ גרעסערן פּאָיאַץ, ווי ער איז —

און ער האָט אויסגעטראַכט — : אַזוי ווי ער אַליין קען סיי ווי נישט, שטענדיק פאַרן צירק שטיין, ער מוז דאָך פון צייט צו צייט אינעווייניג זיינע שטיק ווייזן — האָט דער פּאָיאַץ פאַר זיין צירק, דריי בילדער פון זיך געלאָזט אויסמאָלן, וואָס זאָלן אַביסל ענליך זיין צו אים, וואָס זאָלן אויסזעען, ווי דער פּאָיאַץ, און גרעסער נאָך ווי דער פּאָ־יאַץ, און זאָלן דערפאַר, מיט אויסטערלישע פאַרבן פאַרן צירק שטענדיק בלענדן — און דער פּאָיאַץ האָט פאַרן צירק זיי אויסגעשטעלט, זיינען די בילדער, טאָג און נאַכט, פאַרן צירק געהאָנגן, און אַריין געצויגן די מענטשן אין צירק אַריין —

האָבן די מענטשן, ווי פּאָיאַצעם געלאַכט . . .

# דער דימענט אין בלאָטע

אַ דימענט, וואָס איז אין בלאָטע אַריינגעפאַלן, האָט פון דער בלאָטע געוואָלט אַרויס. האָט דער דימענט אין פרימאָרגן, מיט דעם פייכט-טויענדיקער ערד, די אויגן זיך מער פאַרקלעפּט, און האָט נאָך אַ רעגן געבּיינקט, ער זאָל קומען אים אָפּוואַשן, אז קיין רעגן, איז נישט געקומען, און דער דימענט האָט די זון וואַרעמקייט, אין דער ערד געפילט — האָט ער ווידער נאָך די זון-שטראַלן געבּיינקט, זיי זאָלן אים, מיט דינע שפּיץ-פינגער, אַרויס נעמען די בּלאָטע, פון די אויגן, און די וואַרעמקייט איבּערן קאָפּ, זאָל די בּלאָטעקע זאַמדלעך אויסקרישלן —

איז אַזוי דער דימענט אין בּלאָטע געלעגן, און יעדן אין דער פרי, האָט אים אַ פייכטקייט דורכגענומען, און נאָכמיטאָג האָט די זון אים געוואַרעמט, און ווען נאָך אַזאַ וואַרעמקייט, ער האָט טראָפּנס אויף דער ערד גע-הערט קלאַפּן — האָט דער דימענט גענומען זיך גרייטן — און דעם שיין פון זיך אַליין געשליפן, פאַר זיין וועג אַרויס — —

און בּיזן האַרבּסט, ווען אויף הוילן קאָפּ, די רעגן-טראָפּנס געשפּירט, און אַ שטראָמענדיק ריטשקעלע, האָט זיך געצויגן צו זיין וועג אַרויס — האָט עפּעס מיטאַמאָל, אומגעריכט, אַ שטיינדל זיך מיטגעשלעפּט, אויף זיין האַרץ זיך געלייגט, און שטייפער און קעלטער, האָט דאָס שטיינדל געפּרעסט, און דעם דימענטס-געוויין פאַרגליווערט, אַזש די וואַרעמקייט פון דער זון ניט מער געפילט — און בּיזן ווינטער מיט שניי און אייז, איבּער אים צוגעדעקט —

נאָר, ווען דער פרילינג איז געקומען, און דעם אייז גענומען שמעלצן — האָט דער דימענט אויפסניי גע־האָפט — : אויף אַ גרעסערן שטראָם, וואָס זאָל דאָס שטיינדל אַראָפּ שווענקען, און אין פרילינג, זיין שיין דער וועלט ווייזן — —

אָבער, ווען אַ גרעסערער שטראָם, האָט דעם דימענט אין אַ קאַנאַל פאַרטראָגן; און צווישן מיסט נאָך פאַר־שטאָפּט, האָט דער דימענט מיט האַרטן און פעלזיקן ווילן, אין זיך איינגעפּעסטיקט, ער וועט מיט מיסט און בלאָטע זיך ניט אויסמישן — —

ביז ערגעצוואו האָט אַ מענטשליכע האַנט דעם די־מענט דערגרייכט, און גענומען דעם קאַנאַל אויסרייניגן, האָט דער דימענט מיט פרייד אַ בליאַסקע געטאָן — :

און דעם מענטשן פאַר זיין מי באַלוינט . . .

# איבער דער זעט

איבערן רייכן הויז האָט דאָס גאָלד איבער געקלינגען — האָבן אַלערליי עלעקטרישע לעמפּלעך פאַרן שיין פון קאָסט־באַרע שטיינער זיך פאַרטונקלט. זיינען די זינג־פייגעלעך מיט שיין געוואָרן באַגאָסן, און האָבן אין די באַגילדטע שטייגעלעך הייזעריגלעך צוגעזינגען, און די גאָלד־פישעלעך אין די גלעזערנע וואַזאָנען, האָבן שווער מיט גאָלד זיך גע־טונקט, און אַראָפּ געשווימען — האָט אַן איבער געפרעסע־נע זעט, אַלצדינג קאַפּויר געשלאָגן, און דורך דער „ראַדיאָ" האָט אַ גראָבע, באַסאָווע שטים, אַלץ צוריק אַריין גערעדט, און מיט די פּאָפּוגאַי אינאיינעם אַלץ נאָכגעקרומט און נאָכגערעדט, וואָס איז איבער געגאַנגען — —

אָבער, מער פון אַלצדינג האָט פון גרויס, ביז קליין, פון די קינדער, ביז די אייניקלעך, נאָכגעמאַכט און נאָכגע־שפּעט, די באָבעצע, וואָס איז שוין אַליין איבער די יאָרן געווען — און האָט אין די נייע רייך־מעבלירטע שטובן, גאָר ניט אַהער געפּאַסט — האָבן אַלע אין הויז זיך אָנגע־הויבן מיט איר צו שעמען, ווי מיט עפּעס אינגאַנצן אַן אָפּ־גענוצטע זאַך — —

האָט די אַלטעטשקע צו זיך, און צו די ווענט גערעדט, ווי גאָר זיך אויסבאַהאַלטן — און פון ווינקל, צו ווינקל, איז די אַלטעטשקעס שאָטן, קלענער און איינגעשרומפּענער געוואָרן — האָבן אַלע אין הויז, פאַר די געסט, און פאַר זיך אַליין, די אַלטע באָבעצע פאַרשטעלט, און ביז איבערן שוועל אַרויסגעלאָזט — —

האָט די אַלטעטשקע אין גאַס, ביז אין פרעמדע גאַסן

אַרום געשלייכט, און ווי מיט בלינדע אויגן, אין פרעמדע הייזער, אירע קינדער, און אירע אייניקלעך אַרום געזוכט, ביז אירע אייגענע, ווי די פרעמדע מער ניט דערקענט — —

האָט שוין די אַלטעטשקע מיט אַ צעדרייטן זכרון, אַלעמען מיט די נעמען, פון אירע קינדער, און אייניקלעך גערופן — און אַזוי מיט אַ גאַנצע שטאָט, מיט אירע קינדער און אייניקלעך — אין די גאַסן פאַרלוירן געגאַנגען — ביז אַלצדינג, ווי אין וואַנזיניקן פלאָנטער צוזאַמען געמישט — און זייערע נעמען אינגאַנצן פאַרגעסן — —

נאָר, דאָרטן אין וואַנזין-הויז, האָט זיך אין די אַל-טעטשקעס פאַרלאָפענע אויגן, אַ שיין געטאָן אויפטשוכן, און די נעמען פון אירע „אייגענע” זיך אָנגעהויבן צוריק דערמאָנען — —

און אַלע, וואָס האָבן זיך אין דול-הויז געפינען, האָט שוין די אַלטעטשקע, מיט די נעמען פון אירע קינדער און אייניקלעך, די וואַנזיניקע גערופן . . .

## דריי סטאַטועז

אין מיטן שטאָט, איז דאָס ראָט־הויז געווען, מיט אַ בלומען־גאָרטן אַרום, וואָס פירט צו אַלע הויפּט־גאַסן. זיינען פאַרן ראָט־הויז דריי סטאַטועז געשטאַנען — די ערשטע סטאַטוע, פון שטאָט׳ס קריגער, איז שוין לאַנג אין קריג געפאַלן, בלויז זיין שווערד און שפּיז, וואָס איז איבער געבליבן, איז אין זיין בראָנזענע פיגור איינגעשמידט געוואָרן — —

די צווייטע סטאַטוע פון בירגער־מייסטער, איז אויך נישט מער, ווי דער האַמער איבער געבליבן, וואָס האָט שטענדיק אין ראָט־הויז־טיש געקלאַפּט, און נישט געלאָזן אַנדערע ריידן — אַנדערש ווי ער רעדט, איז דער האַמער אין זיין בראָנזענע האַנט איינגעשמידט געוואָרן — —

די דריטע סטאַטוע פון שטאָט־פילאַנטראָפּ, האָט זיך נאָך אַ לעבעדיקער פאַרן ראָט־הויז אַרום געדרייט, נאָר, אַלט און קרום איז שוין דער פילאַנטראָפּ געווען, האָט ער זיך איינגעקוקט אין זיין סטאַטוע, ווי שטאָלץ ער שטייט, פון שטאָל און בראָנז אויסגעהאַקט, און ווי שטייף די האַנט אויפן לאַץ ער האַלט, און ביזן עלנבויגן אויפן בוזם איבער געלייגט, ווי ער וואָלט זיינע אַסיגנאַציעס פאַר עמיצן פאַרשטעלן —

האָט זיך דער אַלטער פילאַנטראָפּ, שטייפער זיך גע־פּרואווט אויסגלייכן, ווי זיין בראָנזענער קאָפּ, אויפן שול־טער אויסגעבויגן, פּונקט ווי אַמאָל, און האָט, ווי אַ מאַג־נעט צו זיין סטאַטוע זיך צו געצויגן, צו די מעטאַלענע אויגן, וואָס לאָזן קיין שטראַל־ליכטיקייט, צו דער נשמה

ניט צו, נאָר דערבײַ האָט דער גלאַנץ־פֿון גאָלד אַ שמייכל אויף זיין פּנים אויסגעשפּרייט, אַז דאָס איז ער — —

און דיק און ברייט פֿון זיך אָנגעקוואָלן, איז דער שטאָט־פֿילאַנטראָפּ די אַנדערע צוויי סטאַטוען פֿאַרבײַ גע־גאַנגען, און זיך דערמאָנט, ווי געטריי זיי האָבן אַמאָל אים געדינט, און מיטן ראָט־הויז אינאיינעם זיי געלאָזט דערפֿאַר אויפשטעלן — —

האָבן זיך נאָך די פּאַראַדן, און דאָס יובלען אין די גאַסן אין זיין מוח געמישט, פֿון זיין פֿילאַנטראָפּישן־ רום — —

האָט ער זיין בליק געוואָרפֿן אַנטקעגן, ווי זיין מעכ־טיקע „בענק" איז געשטאַנען, אונטן פֿעסט איינגעמויערט, און זיין רונדער דאַך אויבן, ווי מיט אַ באַגילדטן קאַפּעל צוגעדעקט, און אין מיטן, ווי אַ קנעפּל, האָט אַ בראָנזע־קופּאָל אַרויס געשטעקט, ווי אַזאַ טעמפּעל — —

זיינען אין דער גאַנצער לענג, זייטן־גאַס אָטאָמאָבילס געשטאַנען, ווי פֿורן מיט די דישלן, צו דער בענק אויסגע־דרייט, און געוואַרט אויף די מענטשן, וואָס זיינען אַריין און אַרויס, וואָס האָבן די פּראָצענטן און דאָס „מעשר" צוגעטראָגן דעם הייליקן טעמפּעל — —

האָט דער גאָלד־שטראָם, איבער זיינע אויגן איבער געלאָפֿן, דעם שטאָט־פֿילאַנטראָפּ, פֿאַר אַ ביסל מער פֿילאַנ־טראָפּעשקייט, וועט זיך דער גרעסטער יום־טוב, איבער די שטאָט גאַסן, ביזן ראָט־הויז זיך ציען, פֿאַר די אויפשטעלונג פֿון זיין אייגענע סטאַטוע — —

האָט ער אַ האַנט מיט דוקאַטן אויפגעהויבן, און מיט אַלערליי גאָלד־מטבעות אַ בלענד געטאָן — און פאַרן ראָט־הויז אויף אַ בינע האָט אַ האָרן אויסגעבלאָזן — : אַ יום־טוב פאַרן שטאָט־פילאַנטראָפּ — האָבן ווי אויפגעבלאָזענע בייכער, די טאַצן געצימבלט — :

שטאָט־פילאַנטראָפּ ! שטאָט־פילאַנטראָפּ !

אָבער, ערגעצוואו, הינטער די תפיסה קעמערלעך, זיינען די, וואָס האָבן די פּראָצענטן פאַרפעלט צו געבן, און אפשר אַ טייל, וואָס האָבן אַליין אַביסל מעשר, געוואָלט צונעמען — האָבן מיט טויטע קללות באַגלייט דעם יום־טוב פונם שטאָט־פילאַנטראָפּ . . .

# ערב-וואַלן

ערב-וואַלן, האָבן די וועלער אין די אויערן געוווימלט—:
טויב צו ווערן, און דאָס האַרץ, ווי אַ קעסעל-פּויק האָט געקלאַפּט, ווי פון גאַסן-פּויקער, וואָס האָט באַראַבאַנע-וועט — האָט אויף דער העכסטע אָקטאַבע, איינער דעם אַנדערן, איבער געשריען ערב-וואַלן איבערן שטאָט —

נאָר, מיטן גאַנצן גאַסן-געטומל, וואָס האָט אַ וועלט זיך צעפּויקט — : ווער, וועמען וויל אויסוועלן — האָבן אויך אָרעמע וועלער מאַרשירט, און פענער מיט אַנדערע סימבאָלן געטראָגן, און אַנדערע הימנען געזונגען —

האָט דער אַלטער גאַסן-פּויקער, וואָס האָט אַלעמאָל, פאַר די רייכע וועלער געפּויקט, האָט ער איצט נאָך מער באַראַבאַנעוועט, און מיט די טאַצען געזעצט — :

איר וועט דאָ, גאָר נישט נים, פאַר זיך אויסוועלן —

אָבער, די אָרעמע וועלער, וואָס זיינען אַלעמאָל אָפּ-גענאַרט געוואָרן נאָך די וואַלן — — האָבן זייער אייגע-נעם צימבל און פּויק געהאַט, און זייער פּויקער, האָט פאַר אַלעמען אויסגעפּויקט — : די אַלע פאַרשפּרעכנס פון אַלטן גאַסן-פּויקער — :

ווי פאַר די וואַלן — אַזוי נאָך די וואַלן —

און זייער צימבל האָט געצימבלט, ביז שטום איז גע-וואָרן דער אַלטער גאַסן-פּויקער . . .

# די יום־טוב־דיקע גאַס

אַ גאַס מיט פענער, האָבן אין דער לופטן געפלאַ־טערט — דאָס האָט אַ יום־טוב, אַ גאַס פאַר זיך געמאַכט, אַ גאַס פון טויזנטער גאַסן, מיטן וואָכעדיקייט, ווי ס'האָט זיך געלעבט, איז איינער דעם אַנדערן, פרעמד פאַרביי געגאַנגען, האָבן שכנים פון איין הויז, זיך ניט געוואוסט, פון נאָענט זיך ניט געהערט, איז איבער־דריסיג געוואָרן דאָס איבער פרעגן — האָבן אַרומיגע נויטן זיך צערעדט, וואָס אין די שטיבער, האָט אַן אומעט, ביזן די ווינקעלעך געכמורעט, און מיטן אָפזונדערן זיך באַשולדיקט — ביז הערצער האָבן זיך צעוואַרעמט, און אַ פייערליכקייט דערשפירט, מיט אַ יום־טוב אויפן גאַס זיך באַוויזן — —

האָבן אין גאַס די פענער, איבער ביידע זייטן הייזער, זיך געשפרייט, און אַריבער געווייעט, ווי פאַר הימל און ערד, די הענט זיך געגעבן — — האָבן אַלערליי קאָליערן, אין די אויגן געשיינט, צוזאַמען באַהאָפטן — אונטן האָט ס'לעבן געטאַנצט, אויבן האָט דער אָפהילך געשאַלט, האָבן פאָנען אין די הענט געווייעט, און אין טאַנץ זיך מיט געוויגט —

האָט די יום־טוב־דיקע גאַס, פון די פנים'ער געלויכטן, און אין אַ וואָכעדיקע גאַס, איר פרייד אַריין געזינגען, איר טאַנץ, איבער געטאַנצט, ביז אין ווייטערע גאַסן, דעקאָ־ראַציעס געפוצט, מיט די פאָנען אויפגעצויגן, און דעם יום־טוב געוועקט . .

# אוצר׳לעך מיט גאָל שטיינדלעך (*)

אַן אוצר מיט דימענט שטיינדלעך, האָבן פון זייער באַהעלטעניש, פאַר זייער רייכן בעל-הבית זיך גע-קלאָגט — : וואָס זיי קענען די שיין פון דער וועלט ניט זען — —

האָט ער זיי געזאָגט — : אוצר׳לעך

מיט קונצן האָב איך אייך אַהער געבראַכט —

אַזוי פיל בייזע אויגן האָט די וועלט, וואָס קענען נאָך שלעכטס טאָן — וואוינט זיך דאָ בריליאַנטעלעך, זאָל קיין בייז אויג אייער שיין ניט זען — —

האָבן אין דער טונקל זייער דימענט אויגעלעך, פון די בלאַסע פנים׳לעך אַרוים געוויינט — :

ס׳איז פינסטער דאָ —

האָט דער בעל-הבית זיי געטרייסט — :

איך וועל אייך ברייננגן די שיינדעלעך פון דער וועלט,

וואָס שטראַלן אַזוי ווי די זון, וועט איר זיך שפיגלען, איינע אין די אַנדערע — —

האָבן די דימענטלעך מיט בלאַסן-שיין אָפגעזיפצט — :

די וועלט איז רייכער ווי די בלויזע זון —

האָט ער זיי פאַרשפּראָכן די פערל פון ים —

---

(*) די מעשה׳לע איז איבער געדרוקט פון מיין ערשטן באַנד אין געשפּאַן צווייטע אויפלאַגע, עטוואָס געענדערט.

האָבן די שטיינדלעך זיך איבער געפינקלט צווישן זיך — :

די וועלט איז נאָך רייכער —

האָט ער זיי צוגעזאָגט — :

צו צוברענגען די רובינען — —

האָט זיך דער אוצר מיט די עדל־שטיינער געמערט, האָט דער בעל־הבית ביז אין די זיבעטע שפּאַרע זיי באַהאַלטן; און די שפּעלטעלעך פון דרויסן אַרום, מיט נאָכ־געמאַכטע שטיינדלעך, מיט סאַפּירן פאַרשטעלט — —

איז ער, ביז דורך די זיבעטע פינסטערניש, געקומען זיי באַגריסן — האָט ער זיי געטראָפן אַלע שלאָפן אין דער פינסטער האָט ער מיטן אָפּשיין פון אַ שוועבעלע, זייער שלאָף אויפגעוועקט — האָבן אַלע אויפקומענדיק זיך צע־פינקלט, און זיך צעוויינט פון זייער חלום — :

פון די וועלט׳ס בייזע אויגן — —

האָט דער בעל־הבית פלינק זיין שוועבעלע פאַרלאָשן—

האָט דאָס העלסטע שיינדעלע, איר שיינענדיק אויג פאַרטרערט — :

וואָס ער אַליין וויל עס צו מאָל ניט אָנטאָן — —

האָט ער מיט אַ סאַפּיר־שטיין זיך פאַרשטעלט, און גע־וויזן מיך צירט שוין אַזאַ׳ס — —

האָבן אַלע עדל־שטיינער זיך צעלאַכט — :

אַזאַ ביליגער גלאַנץ —

אַזאַ ציטערדיקייט —

האָט דעם בעל־הבית זייער געלעכטער געשראָקן, און פון גרויסן באַוואָרעניש, האָט זיין פּנים מיט גאַל זיך צע־גאָסן — האָבן גאַל־שטיינדלעך גענומען אין אים וואַקסן; האָבן זיך זיינע חלומות מיט גאַל אויסגעמישט, און זיינע עדל־שטיינער פאַרשמירט, מיט גאַל־שטיינער פאַרשטעלט, פּונקט, ווי די נאָכגעמאַכטע פאַר די וועלטס בייזע אויגן —

האָט ער זיך שוין געשעמט דאָס פּנים, די וועלט צו ווייזן — —

האָט דער בעל־הבית מיט די גאַל־שטיינדלעך, קוים אויף די פיס זיך געשלעפּט, ביז צו די עדל־שטיינער קוים דערגאַנגען — האָט ער ווידער מיט אַ שוועבעלע זייער שיין אויפגעוועקט — האָט זייער געוויין מיט טויזנטער פאַרבן און קאָליערן אַרויס געווײנט — :

צו די וועלט׳ס בייזע אויגן — —

האָט שוין דער בעל־הבית מיט גאַל־שטיינדלעך מיט־געוויינט — און ער האָט אָנגעשפּיגלט זיינע גאַל־שטיינער, אין זיינע עדל־שטיינער, איז פאַר שרעק, פון זיין האַנט אַרויס געפאַלן דאָס שוועבעלע און אינאיינעם זיך פאַר־לאָשן . . .

# אינהאַלט:

## מעשה'לעך

זייט